י. ש. פרענאָוויץ

ערשטער באַנד

# געדיכטע

אַרויסגעגעבען פון
**י. ש. פרענאָוויץ יובילעאום קאָמיטעט**
צוזאַמענגעשטעלט פון אַלע אידישע צענטראַלע אַרבייטער קערפּערשאַפטען

פילאַדעלפיא, 15טען מאַי, 1921



# אינהאַלט:


| | זייט |
|---|---|
| מיינע לידער | 7 |
| אויף די גרינע פעלדער ביי נאכט | 9 |
| דער אלטער דעמב אין פריהלינג | 16 |
| דער צפון שטורם | 18 |
| אין הערבסט | 20 |
| דער זומער איז נאָך ניט אוועק | 21 |
| די טראגעדיע אין טאָל | 23 |
| א ווינטעל טראָגט א בלום | 24 |
| געדופטעט האָט זי ניט | 27 |
| די גנבה | 28 |
| צוטריקענט | 30 |
| עס פליהט א פויגעל | 32 |
| אין פריהלינג | 35 |
| דער פויגעל כאָר | 36 |
| טרייהייט | 37 |
| די פויגעלאך פליהען אוועק שוין פון אונז | 38 |
| אין וואלד | 40 |
| עס וועבט נאטור דעם פריהלינג שוין | 41 |
| דאָס בלימעל | 43 |
| ערב פריהלינג | 45 |
| די בלומען | 47 |

## מיינע לידער.

איך האָב אין די פעלדער פון לעבען געוואַנדערט,
 און האָב דאָרטען פריידען און טרויער געפונען;
איך האָב זיי געזאַמעלט, אין הערצען באַהאַלטען,
 און — דאָרט פון זיי לידער געשפּונען.

צי וועלען זיי הערצער און זעעלען דערפרייהען,
 צי וועלען זיי הערצער און זעעלען באַטריבען —
איך וויים ניט. איך ווייס נאָר: איך האָב מיינע פערזען
 אין פעלדער פון לעבען געקליבען.

## אין די גרינע פעלדער ביינאַכט.

אָוונט. ערד און הימעל —
אַ הערליכער געמעלד !
עס שלאָפען זיס און טרוימען
די קינדער פונ'ם פעלד.

דער הימעל — אויסגעשטערענט ;
די לופט איז ריין און קיהל ;
פאר'חלום'ט שטעהט דער וואלד, און
עס זינגט זיין ליד דער גריל.

די גראָזען און די בלומען,
און גאָלד'נער זאנגען־פראַכט —
אויף אַלעס, אַלעס שימערט
דער צויבער פון דער נאַכט.

איך וואַנדער דורך די פעלדער ;
באַוואונדער דעם געמעלד,
און טראַכט : וואָס קענען טרוימען
די קינדער פון'ם פעלד ?

די קינדער פון'ם פעלד, אַח,
ווי גוט עס מוז זיי זיין !
ביינאַכט אין זאַנפטער רוה און
ביי טאָג אין גאָלד'נעם שיין !

איך געה... נאָר, וואַרט... אַ שטימע...
אַ גרעזעלע — עס רעדט...
עס שטעהט נאָך האַלב פאַרשלאָפען
און מורמעלט מיט געבעט :

„אָה, מענשען־קינד, פֿאַמעלאַך,
אַט דאָ, אַט דאָ ניט גערה!
דו קענסט אונז נאָך צוטרעטען—
עס טוט אונז אויך דאָך ווערה!"

עס גיט אַ דריק מיין זעעלע
פֿון מיטלייד אַ געפֿיהל;
איך גערה פֿאַרביי דאָס גרעזעל
און וואַנדער אין דער שטיל.

אַט איז אַ פֿעלד מיט זאַנגען,
פֿארשלאָפֿען, שטיל און שטום,
און פֿון איהר שטילען אָטעם
צוגיסט זיך אַ פֿערפֿיום.

ווי שעהן! ווי רייך!... נאָר פּלוצלונג...
עס כליפּעט שטיל אַ זאַנג:
„אַ, ווערה! איך האָב געטרוימט איצט:
איך הער דעם שניטער'ס גאַנג!..."

עס שטעהט אַ בוים און שלומערט;
איך זעץ זיך אונטער איהם,
און צווישען זיינע צווייגען
דערהערט זיך באַלד אַ שטים:

„אַה, פויגעלאַך קליינע,
איהר קינדערלאַך מיין!
מאַכט צו איי׳רע אויגעלאַך,
שלעפערט שוין איין.

„אין נעסט איז דאָך איצט אַזוי
וואַרעם און גוט;
אַה, רוהט אוים די פליגעלאַך,
קינדערלאַך, רוהט.

„באַלד קומט אָן דער מאָרגען,
מיט זאָרג אַזוי רייך!
און ווידער צו פליהען
וועל איך לערנען אייך.

„און קערנער צו קלייבען,
וואָס ליגען צושפּריים —
ווייל פויגעלאַך מוזען אויך
זאָרגען פאַר ברויט...

„אַה, שלאָפט, מיינע קינדער,
דער מאָרגען קומט באַלד;
איך וועל מיט אייך פליהען
אין פעלד און אין וואַלד.

„איך וועל אייך צו טרינקען
דאָרט ווייזען דעם טייך,
ווייל גאָט ווייס, ווי לאַנג
איך וועל זיין נאָך מיט אייך!

„איך וועל אייך אויך לערנען
צו בויען אַ נעסט;
און ווי זיך צו היטען
פון ווינטען און פרעסט.

„און פון די געפאהרען
פון פעלד און פון וואלד —
אַה, שלאָפט, מיינע קינדער,
דער מאָרגען קומט באַלד!"

* * *

עס שטעהט זיך שטיל און דרעמעלט
אַ רייכער טרויבען־קוסט,
און האַלט די קינדער זיינע
מיט צערטליכקייט ביים ברוסט.

עס שטעהט זיך שטיל, און—פּלוצלונג—
ער כאַפּט זיך אויף מיט שרעק,
און ברומט: „אַה, שווארצער חלום!
אַוועק פון מיר, אַוועק!"

א וואנדערער, א ווינטעל,
קומט אָן מיט שטילע טריט,
און פרעגט: „אָה, קוסט דו שעהנער,
ווארום, זאָג, שלאָפסטו ניט?“

עס זאָגט דער קוסט: „אָה, פריינד, מיר
איז רוהען ניט באשערט.
א בייזער שווארצער חלום,
ער האָט מיין רוה געשטערט!

„איך ליב זיי, מיינע קינדער;
זיי זיינען צארט און פיין;
מען וועט פון זיי דאָך מאכען
דעם שעהנסטען, בעסטען וויין.

„זיי וועלען שטארקען, קוויקען
אָט די, וואָס זיינען קראנק;
זיי וועלען העלפען בויען
דעם קינסטלער זיין געדאנק.

„זיי וועלען הערצער פרעהען,
און — אָך, ווי גרויס מיין וועה!
מיר האָט זיך איצט גע׳חלום׳ט,
אז שווינען עסען זיי!“...

* * *

איך וואַנדער דורך די פעלדער,
און ס'בלאַנזשעט אום מיין בליק;
באַלד הער איך פון דער וויימען:
מיך רופט דער בוים צוריק.

ער זאָגט צו מיר: „אָה, וואַנד'רער,
פאַרנעם אויך דו מיין וואָרט:
דו געהסט דאָך דורך די פעלדער,
וועסט טרעפען בלעטער דאָרט!

„דאָס זיינען מיינע קינדער —
שוין טוידט, און געל, און שוואַרץ!
ניט טרעט אויף זיי, דו וואַנד'רער,
ניט ברעך נאָך מעהר מיין האַרץ!"
— — — — — — — — — — — —

אַוועגט. ערד און הימעל —
אַ הערליכער געמעלד!
ווי אומרוהיג עס שלאָפען
די קינדער פונ'ם פעלד!...

# דער אַלטער דעמב.

עס שטעהט דער אלטער דעמב און קוקט —
באטראכט די יונגע בוימלאך ;
און מיט א שמייכעל זאגט ער שטיל :
„זיי זיינען יונג און היימלאך."

דאָך גיט ער באַלד אַ ציטער און
ער זאָגט: „ניטאָ די יאָהרען!
איך קאָן שוין פרעהלאָך מעהר ניט זיין —
איך בין שוין אַלט געוואָרען.

„אַזוי פיל ווינטערס דורכגעמאַכט,
אַזוי פיל קעלט געליטען!
אָך, וויפיל ווינטערס האָבען שוין
מיין האַרץ און זעעל' געשניטען!
אָך, וויפיל שרעקען שוין געהאַט
פון שטורם'ס בייזען ברומען!
איך האָב געראַנגעלט זיך מיט זיי,
און — בין זיי בייגעקומען.

„איך בין נאָך פעסט, איך בין נאָך שטאַרק,
דאָך פעהלט דער גייסט פון שטרעבען;
ווייל געהט די יוגענד נאָר אַוועק,
ווערט אומעדיג דאָס לעבען...
איך ווער נאָך אויך, ווען פריהלינג קומט,
באַדעקט מיט בלעטער גרינע;
דאָך גרייך איך שוין ניט, ווי אַ מאָל,
די הויכקייט פון זיין שכינה...“

## דער צפון־שטורם.

א הערליכער מאָרגען אין מאַי
און אַלץ איז אין וואַלד אַזוי שעהן!
די בוימער, די בלומען, דאָס גראָז —
זיי זיינען באַגאָסען מיט חן.

און הינטער די בוימער — די זון
באווייזט זיך אין רויטען געקליידט,
און באלד ווערט אויף אלעס אין וואלד
אַ דעקטוך פון שטראהלען פארשפרייט.

עס דופטעט, עס צויבערט, עס שמעקט,
און פלוצלונג... עס הערט זיך אַ גוואלד —
אַ שטורם פון צפון — ער האָט
פארבלאָנזשעט אין הערליכען וואלד...

עס שטורמט דער שטורם, ער ברומט,
ער בויגט מאַנכע בוימעלאַך איין...
און שרייט אויף דער וואַרימער זון
און וויל אויך פאַרניכטען איהר שיין...

עס שטורמט דער שטורם, ער ברויזט,
ער קען ניט פאַרטראָגען דעם מאַי ;
ער בענקט נאָך זיין היים, וואו ער האָט
געהערשט אַזוי מעכטיג און פריי !

ער בענקט נאָך די אייזבערג, די פרעסט,
נאָך ווינטען, נאָך אייביגען שנעע,
און ענדליך געשטאָרבען איז ער
פון אומעט, פון עלענד און וועה...

# אין הערבסט.

עס שטעהט אין הערבסט אַ צאַרטע בלום
און קוקט מיט אומעט זיך אַרום,
און זעהט: די בלעטער געל, צושפּרייט,
און אַלעס אָטעמט אין דעם טוידט.

דער הימעל — גרוי, די לופט איז קאַלט,
אַ ווינטעל פּייפט, אַ רעגען פאַלט,
און ס׳ציטערט אויף איהר יעדער גליד,
דערהערענדיג דאָס אָסיען ליד.

זי שטעהט און קוקט אַרום זיך שטיל,
און מורמעלט מיט אַ וועה-געפיהל:
„אין מאַי צו זיין אַ גרעזעל בלויז
איז בעסער ווי אין הערבסט אַ רויז.״

## דער זומער איז נאָך ניט אַוועק.

דער זומער איז נאָך ניט אַוועק,
נאָך גלענצען זומער שטראַהלען ;
נאָך גרינט דער וואַלד, נאָך גרינט דער טאָל,
נאָך סוד'ען זיך די קוואַלען ;

נאָך זינגט דער וואַלד, נאָך בליהט דאָס פעלד —
זיי דופטען מיט פערפיומען;
דאָך זעהט מען געלע בלעטער שוין,
דאָך וועלקען שוין פיל בלומען!

עס וועלקען בלעטער, בלומען שוין,
ווען אַלץ איז פול מיט לעבען;
עס ווינקען שוין די קברים זיי,
ווען גאָלד'נע טרוימען שוועבען;
ווען אלעס זינגט, ווען אַלעס לאַכט
און אַנד'רע בלומען בליהען,
דאַן וועבען זיך שוין אַרום זיי
בית־עולם פאַנטאַזיען!

עס שוועבט דער סוף אַרום און לאַכט
און וועקט די אַסיען קלאַנגען;
דאָס לעבען שטיפט, און לאַכט, און שפּינט
די פרייד און לוסט געזאַנגען.
עס טראָגט זיך אום אַ קברים ג'רוך
און בלומען, גראָזען שמעקען,
און ס'זיינען פעלדַ און וואַלד געהילט
אין האָפנונג, פרייד און שרעקען...

## די טראַגעדיע אין טאָל.

עס שטעהען צוויי ליליעס גאַנץ פריה אין אַ טאָל
און זיינען פאַראומערט, פאַרטראַכט ;
אַ חבר'טע זייערע, אַ צאַרטע רויז, האָט
פאַרלאָרען איהר לעבען ביינאַכט ;
געוועזן איז זי ליבליך און צערטליך און זאַנפט
און האָט מיט איהר פרומקייט ענטציקט ;
פון באַרג האָט אַ ווינטעל געוואָרפען אַ שטיין
און האָט דאַן איהר לעבען דערשטיקט.

עס שטעהען פאַראומערט, פאַרטרויערט, פאַרטראַכט
די ליבליכע בלימעלאַך צוויי ;
דער טוידט פון דער יונגינקער, צערטליכער רויז
פאַרשאַפט זיי פיל טרויער און וועה ;
און ס'וואַנדערען ווינטען אַרום אויף די בערג
און וואַרפען אַ שטיין נאָך אַ שטיין...
די בלימעלאַך ציטערען, טוליען זיך צו
און — ס'הערט זיך אַ שטילער געוויין...

## אַ ווינטעל טראָגט אַ בלום.

אַ ווינטעל טראָגט אַ טוידטע בלום
און איז באַטריבט און בייז ;
ער טראָגט איהר טיף אין טאָל, און זוכט
א קבר פאַר דער רויז.

ער דריקט זי, טראָגענדיג צום ברוסט,
און אָטעמט לאַנגזאַם, שווער ;
ער גלעט איהר בלאַסען פּנים צאַרט
און לאָזט אַרוים טרעהר.

עס האָט דאָס ווינטעל זי געליבט,
פאַנטאַזיעס זיך געבויט ;
עס האָט מיט ליבע זי געגלעט
און סודות איהר פאַרטרויט.

און שעהן איז זי, די רויז געוועזן
און ליב, און זים, און רייך ;
קיין אַנדער בלום אין שעהנקייט איז
צו איהר געוועזען גלייך.

* * *

דאָס איז געווען גאַנץ פריה. אין פעלד
האָט אַלעם זיס געשמעקט;
מיט זילבער טוי און שטראַהלען גלאַנץ
איז אַלץ געווען באַדעקט.

און יעדער גראָז און יעדע בלום
האָט הימליש אויסגעזעהן.
דאַן, שעהנער, רייכער נאָך פון אַל׳
איז זי, די רויז, געווען!

און שטיל געשטאַנען איז די בלום
פאַרטיפט אין אַ געבעט,
און ס׳האָט איהר דאַן אַ גאָלד׳נער שטראַהל
מיט צערטליכקייט געגלעט...

געקומען איז דאָס ווינטעל פריה
אין פעלד זיין ליבסטע זעהן,
און האָט באַמערקט ווי ער, דער שטראַהל,
איז ליב צו איהר געווען;

ווי ער האָט זי צו זיך געדריקט,
און צאַרט געקושט, געגלעט,
און זי, די בלום, איז שטיל געווען,
און האָט קיין וואָרט גערעדט...

און זי האָט פריי, מיט פרייד און גליק,
ענטבלויזט איהר שעהנע ברוסט
פאַר איהם, דעם שטראַהל, וואָס האָט אין איהר
געוועקט די ליבעם לוסט...

און ס'האָט אין איהם, דעם ווינטעל, זיך
די אייפערזוכט צוברענט...
ער האָט אין שטראַהל דעם רויבער פון
זיין ליבע גלייך דערקענט...

ער איז געוואָרען בייז, און איז,
פון ראַכעזוכט באַגלייט,
אוועק צו איהר, די יונגע רויז,
און האָט זי דאָרט געטויט !...

דאָך ווייגט זיין האַרץ אויף איהר אַצינד
און איז באַטריבט און בייז ;
ער זיפצט, ער ווייגט, און — זוכט אין טאָל
א קבר פאַר זיין רויז...

## געדופטעט האָט זי ניט.

איך האָב אין פעלד אַ בלום געזעהן,
ווי אַלע בלומען — שעהן געווען;
ווי אַלע בלומען שעהן געבליהט.
און דאָך, געדופטעט האָט זי ניט.

איך האָב געזאָגט צו איהר: אָה, בלום,
פאַרוואָס באַהאַלטסטו דיין פערפיום?
דיין פנים שטראַהלט, דיין ליבע גליהט,
טאָ זאָג, פאַר וואָס דו דופטעסט ניט?

און ס'האָט די בלום געזאָגט: „מיין פריינד,
מיין ליבסטער איז געשטאָרבען היינט
און האָט צובראָכען מיין געמיטה —
דערפאַר, דערפאַר אָה, דופט איך ניט!"

# די גנבה.

דער הימעל קלאָהר, דער ווינד
אין קוסטעם טיף פאַרשטעקט;
די בוימער, שטאָלץ — די ערד
מיט גרינע גראָז באַדעקט.

און ס'הערט זיך אַ געזאַנג
פון פויגלאַך אין דער לופט.
און ס'קומט אַנטקעגען אַן
פון בלומען־פעלד דער דופט.

איך זיץ אין וואַלד און הער:
עס מורמעלט שטיל דער קוואַל,
און אונטער יעדען בוים —
צובראָכען ליגט אַ שטראַהל...

די שטראַהלען־שערבלאַך, אוי,
ווי הערליך זייער שיין!
איך נעם זיי באַלד אַהיים,
וועט ליכטיג ביי מיר זיין.

* * *

איך האָב פון שלאָף ערוואַכט,
און — גאָט, ווי טיף דער וועלט!
עס האָט די בייזע נאַכט
אוועקגע'גנב'עט זיי!...

# צוטריקענט.

אויף אַ בערגעל שטעהט אַ בלום
טיף געבויגען,
אויסגעזויגען,
שטיל און שטום;
און זי אָטעמט, אָטעמט שווער,
און עס פאַלט פון איהר אַ טרעהר.

און איך פרעג זי: זאָג מיר בלוס:
ביזט פאַראומערט,
ביזט באַקומערט,
זאָג, וואָרום?
פעהלט דיר זון־שיין? פריהלינג׳ס פראַכט?
— — — — — — — — — — —
און זי ענטפערט שטיל און זאָגט:

„יאָ, עס פאַלען
זונען שטראַהלען
אויך אַראָפּ
אויף מיין קאָפּ;
נעם אויך איין
זייער שיין,
דאָך, דאָס פאַלען
פון די שטראַהלען,
גיט מיר פיין.

„ווייל מיין גרונט איז שוין צומריקענט,
און איך קריג קיין לעבענס קראַפט —
און די רייכע זונען־שטראַהלען,
זויגען אוים מיין לעצטע זאַפט.״

# עס פליהט אַ פויגעל.

עס פליהט אַ פויגעל־זי צום וואלד.
זי יאָגט זיך אין דעראייל׳ ;
איך שטעל זי אָפּ און זאָג צו איהר :
„אָה, פויגעל, ווארט אַ ווייל׳.
דו איילסט זיך איצט, אָה, פויגעל זאָג :
וואו פליהסטו אַזוי פעסט ?”
עס ענטפערט באלד דאָס פויגעל מיר :
„איך פליה איצט אין מיין נעסט.

„פארשטעהסטו, פריינד, דער ווינטער קומט
מיט אומעט, וועה און שרעק,
און באלד פארלאָז איך שוין מיין נעסט
און פליה פון אייך אַוועק.
איך שוועב אַהין, אין לענדער, וואו
אַ ווארעם ווינטעל וועהט
און וואו עס איז דער וואַלד און פעלד
אין גרינקייט אָנגעקליידט.

„איך פליה צום נעסט צו געבען נאָך
אויף איהם מיין לעצטען בליק,
ווייל גאָט ווייסט אויב איך וועל איהם דאַ
נאָך זעהן אמאָל צוריק;
און — וויפיל האָפנונג, וויפיל טרייסט
עס ליגען דאָרט, אין איהם!
איך האָב אין נעסט צום ערשטען מאָל
דערהערט מיין ליבסטען'ס שטים!

„און שעהן געוועזן איז זיין געזאַנג
פון פרייד און ליבעס-לוסט;
און אפגע'גנב'עט האָב איך דאַן
אַ פעדער פון זיין ברוסט;

און טייער איז דער פעדער מיר —
דערמאָנט מיר אָן מיין גליק,
ווייל לאַנג אַוועק איז ער פון מיר
און קומט ניט מעהר צוריק!

„אוועק איז ער פון מיר, און — אַך,
ווי בייַנקט מיין האַרץ נאָך איהם!
נאָך שוועבט פאַר מיר זיין שעהן געשטאַלט,
נאָך קלינגט זיין זיסע שטים;
נאָך זעה איך זיצען איהם אין נעסט
געהילט אין זונען-שיין;
אוועק איז ער, דאָך האָב איך נאָך
די פורפעל-פעדער זיין!

„און איצט — איך פליה צום נעסט, און, גאָט,
מיין האַרץ איז פול מיט שרעק!
איך נעם פון דאָרט זיין פעדער מיט
און שוועב מיט איהם אַוועק;
איך שוועב מיט איהם אין יענעם לאַנד,
און — וועל איך טרעפען איהם,
דאַן וועט ער זעהן ווי שטאַרק עס האָט
געקלאַפּט מיין האַרץ פאַר איהם!"

## אין פריהלינג.

דער וואַלד איז פאַרשטויבט מיט בריליאַנטען.
די ערד איז באַדעקט מיט אַ טוי ;
דער הימעל איז טרוימעריש בלוי.

און ס׳מורמעלט געהיימפול אַ קוואַל
און — ס׳גנב׳עט אַראָפּ זיך אַ שטראַהל
און קלייבט אין דער שטיל די בריליאַנטען...

# דער פייגעל כאָר.

אויף אַ צווייגעל שטעהט אַ פויגעל
און ער זינגט;
און ביים וואַסער שטעהט אַ צווייטער
און ער טרינקט;
און אַ דריטער זעהט זיין ליבסטע
און ער ווינקט.

הערט דער צווייטער אויף צו טרינקען,
און דער דריטער הערט אויף ווינקען,
און זיי זינגען אַלע דריי
לידער פון דעם שעהנעם מאַי.

# טרייהייט.

עס שטעהען זיך פייגעלאך צוויי אויף א צווייג
און זינגען פון ליבע, און זינגען פון מאי ;
און פלוצלונג פליהט שנעל זיי א דריטער פארביי
און איינער זאגט שטיל צו דעם צווייטען „איצט שווייג,
מיר וועלען איהם פרעגען, וואו ער איז געוועזן”.
זיי רופען איהם צערטליך ; ער קומט באלד צוריק
און זאגט צו זיי : „פייגעלאך, שטערט ניט מיין גליק,
איך האב שוין מיין ליבסטע א צייט ניט געזעהן”...

## די פויגעלאך פליהען אוועק.

די פויגעלאך פליהען אוועק שוין פון אונז
אהין, וואו ס'איז ליבליך און שעהן ;
זיי פליהען אין ווארעמע לענדער אוועק
און לאזען אונז איבער אליין.

עס שטאַרבען די זיסע געזאַנגען שוין אָפּ,
וואָס האָבען די הערצער דערפרעהט ;
עס ווערען די הייליגע נעסטער שוין פּוסט
און וועלען באלד ווערען פאַרשנעעט.

עס ווערען די פעלדער שוין הויל און פאַרגעלט.
און ס'גוסס'ט דאָס לעבען אויף זיי ;
זיי וועלען באלד ווערען פארווינטערט און קאַלט —
געהילט אין אַ דעקע פון שנעע.

און נאַקעט טוט אויס שוין דער אָסיען דעם וואַלד
און לאָזט א פארשעמטען איהם שטעהן ;
די פרעסט וועלען ברענען זיין לייב, און ער וועט
פאַרברענגען די נעכט אין געוויין.

און טיף אין מיין זעעלע — דאָרט אָסיענט שוין אויך,
דאָרט דרינגט שוין אַן אומעט אריין ;
דער טרויער פון ווינטער, זיין שרעק און זיין גרויל —
וועט אויך אין מיין האַרצען באַלד זיין...

די פויגעלאַך פליהען אַוועק שוין פון אונז,
און ס'דריקט אַזאַ אומעט און וועה !
איך וואָלט מיט זיי פליהען אַהין, דאָרט, נאָר, אַך —
איך האָב ניט קיין פליגלען ווי זיי !...

## אין וואַלד.

עס דרעהט זיך אין דונקעלען וואַלד איצט אַרום
אַ לוסטיגער, פרעהליכער ווינד.
„ניט שרעק זיך, געליבטע, ער וועט אונז פאַרביי;
דאַס זוכט ער זיין ליבסטע, שעהן קינד.“

און האַסטיגער, רעגענדער, וואַנדערט ער אום,
און ס׳הערט זיך אַ פייף פון דעם ווינד;
„ניט שרעק זיך, עס וועט באַלד פאַרקלינגען דער פייף,
דאַס רופט ער זיין ליבסטע, שעהן קינד.“

דער ווינד הויבט אָן רוישען און בויגען דעם וואַלד,
און ברעכען די צווייגען מיט שרעק.
„איצט קום, מיין געליבטע, דער ווינד איז אין כעס,
איצט איז דאַ געפאַהר, קום אַוועק!

זי האָט איהם געווים דאַ פאַרשפּראָכען צו זיין,
און — וועט זי ניט קומען דאַ באַלד,
דאַן וועט ער זי זוכען, געפינען, און דאַן —
ער וועט זי ערמאָרדען אין וואַלד.“

## עס וועבט נאַטור דעם פריהלינג שיין.

דער הימעל — קאַלט,
מיט בלוט באַפלעקט;
די ערד איז וויים,
מיט שנעע באַדעקט,
מיט בערג פון אייז,
און — ס'ברענט די קעלט.
און ס'שניידט דער ווינד
און פלוכט די וועלט.

איך געה אַרום
מיט וועה און קלעהר,

עס וועט ניט זיין
קיין פריהלינג מעהר!
מען וועט שוין מעהר
ניט זעהן קיין בלום,
און אייביג וועט
דער וואַלד זיין שטום!

מיך דריקט אַ וועה,
עס וויינט מיין האַרץ;
די ערד איז וויים, —
דאָך, דונקעל, שוואַרץ,
און אָהן אַ שיעור
איז וועה און פיין
אין האַרץ ביי מיר.

און באַלד... איך הער
אַ שטים. זי זאָגט:
„ניט וויין, אָה, קינד,
ניט זיי פאַרקלאָגט!
דער שנעע? די קעלט? —
אַלץ וועט פאַרגעהן!
עס וועבט נאַטור
דעם פריהלינג שוין.“

# דאָס בלימעל.

אין פעלד שטעהט אַ בלימעלע רוהיג און שטיל,
און האַלט טיף געבויגען איהר קאָפּ;
און פון איהרע קווייטעלאך טראָפּענדלאך טוי
פאַלען, ווי טרעהרען אַראָפּ.

און ס'קומט אָן אַ ווינטעל, אַ ביסעל פאַרשטיפט,
און גיט איהר אַ צערטליכען גלעט...
עס שטעלט זיך די בלימעלע אויף און זי זאָגט:
„ווינטעל, ניט שטער מיין געבעט".

— — — — — — — — — — — — —

זאָגט דאָס ווינטעל: „פרומע בלום
אָה, זיי ניט בייז אויף מיר;
דו ביסט אי שעהן, אי צאַרט און גוט —
איך בין פאַרליבט אין דיר...

„דער פריהלינג וועט פאַרבייגעהן, און
מיר וועלען באַלד ניט זיין —
טאָ לאָמיר ביידע שפּילען זיך,
דו פיל-געליבטע מיין"...

* * *

דאָס ווינטעלע טוליעט זיך פעסטער צו איהר,
און גיט זי אַ צערטליכען דריק —
דאָס בלימעלע שטעהט, ווי אַ ביסעל פאַרשעהמט,
און — ציטערט פון ליבע און גליק...

# ערב פריהלינג.

דער הימעל האָט אַלץ נאָך
זיין גרויען געשטאַלט.
די לופט איז נאָך קאַלט;
די פעלדער און וועלדער,
זיי זיינען נאָך שטום;
דאָך פיהלט זיך פערפיום.

די פייגעלאך זיינען
פון אונז נאָך גאַנץ ווייט.
דאָך שפּראָצט שוין די צייט,
ווען זיי וועלען קומען
צו אונז דאָ צוריק
מיט פריידען־מוזיק.

עס זיינען נאָך נאַקעט
די בוימער אין וואלד,
דאָך וועלען זיי באַלד
זיין פרעהליך מיט זייערע

צווייגען צושפּרייט;
אין גרינקייט געקליידט.

עס זיינען די פעלדער
נאָך אומעטיג, קאַלט —
אַ טרויער געשטאַלט!
דאָך גרינען שוין אונטער
דעם פראָסטיגען שנעע
די גרעזלאך אויף זיי.

דאָס טייכעלע איז נאָך
געהילט אין אַ דעק
פון אייז און פון שרעק;
דאָך טיף אין זיין בוזים,
דאָרט ליגט שוין אַ טרוים
פון זילבערנעם שוים....

עס ליגט נאָך אין האַרצען
אַן אומעט-געפיהל,
און בויערט דאָרט שטיל...
דאָך הערט זיך שוין דאָרטען
אַ פרעהליכער קלאַנג,
אַ פריהלינגס-געזאַנג!

## די בלומען.

אָה, בליהמעלאַך ליבליכע, שעהנינקע בלומען,
איך זעה, איהר זייט ווידער צו אונז דאָ געקומען,
געקליידעט אין גלענצענדען פּראַכט ;
איך זעה אייך שוין ווידער — נאָר זאָגט מיר, איהר ליבע :
וואו זייט איהר געוועזן אין די וועטערען טריבע ?
וואו האָט איהר דעם ווינטער פאַרבראַכט ?

דאָס לאַנד אָט פון וואַנען איהר קומט איצט, איהר קליינע,
דאָרט מוז זיין אַ לאַנד גאָר אַ וואונדערליך שעהנע,
דאָרט מוז זיין דער וואונדער אַליין ;
ווייל לעצטענס, ווען איך האָב געזעהן דאָ, אייך צאַרטע,
דאַן זייט איהר געוועזען פאַרוועלקטע, פאַרדאַרטע,
און איצט זייט איהר הערליך און שעהן !

און איצט אויף דאָס נייַ זיינט איהר שעהן פּערפּיומירטע,
מיט קנאָספּען באַהאַנגען, מיט בליהונג באַצירטע,
כ׳האָב אייך גאָר אַזוי שעהן ניט געזעהן.
אָה, בלימעלאַך ליבליכע, געטליכע בלומען,
זאָגט, וואו האָט איהר ווידער די יוגענד גענומען ?
וואו זייט איהר, וואו זייט איהר געווען ?

איך קען דאָ פיל קינדער פון פעלקער, נאַציאָנען,
וואָס זיי איז, ווי אייך, אַזוי ליב צו דערמאָנען,
וואָס זיינען ווי איהר אַזוי צאַרט ;
דאָך וואַנדלענד אין שטורם פון קלעגליכען לעבען,
וואו אייביג פאַרלאָרען געהט מענשליכער שטרעבען,
אָך, ווערען זיי בלייך און פאַרדאַרט !

און וואָלט איך נאָר וויסען אָה, הימלישע בלומען,
אוואו איהר האָט ווידער די יוגענד גענומען,
וואו אייך איז דער וואונדער געשעהן —
איך וואָלט זיי דערצעהלט, און זיי וואָלטען געצוויגען —
זיי וואָלטען ווי פייגעלאך דאָרטען געפלויגען —
טאָ זאָגט מיר : וואו זייט איהר געוועזן ?

* * *

אָ ליבליכער מאָרגען ! עס זשומט אין די טאָלען,
עס זינגען די פייגעל, עס מורמלען די קוואַלען,
עס רוישען די שטראָמען מוזיק ;
די בלומען אין פעלד, שטעהען טרוימענד געבויגען,
זיי זיינען פון זילבערנעם טוי איבערצויגען,
און טרוימען פון פרייד און פון גליק ;

און פייגעלאך וועקען די פרייד צו געניסען,
און טייכעלאך מורמלען, און וואסערלאך פליסען,
און לויפען דעם שטענדיגען לויף;
און דארטען, וואו הימעל און ערד קומט צוזאמען,
דארט ווייזען זיך שפורען פון גלוט-רויטע פלאמען —
די ליבליכע זון געהט שוין אויף.

און צווישען די טרוימענדע ליליען און ראזען,
הייבט אן זיך א שטילינקער ווינטעלע בלאזען,
און בלאזט אזוי דופטענד און קיהל;
און עפעס מיר דוכט זיך... איך הער דארטען ריידען...
דער ווינטעלע דוכט מיר, דערצעהלט וואס פון פריידען,
מיר דוכט זיך ער זאגט אין דער שטיל:

„אה, הימלישע קינדער! אה, געטליכע בלומען,
גענוג אייך צו טרוימען! דער טאג איז געקומען.
עס צויבערט זיין גלענצענדע פראכט;
די ערד איז באזילבערט, באצירט מיט דימאנטען,
די זון, זעהט, זי שיינט שוין, און שטויבט מיט בריליאנטען.
שטעהט אויף שוין, אה, ליבע, ערוואכט!

„און הערט די באצויבערטע, זיסע געזאנגען,
וואס נעמען די הערצער, און זעלען געפאנגען,
און טראגען זיי הויך דארט ארויף —

און טראָגען זיי הויך אין די שעהנסטע געצעלטען,
פון געטליכע הימלען, און הימלישע וועלטען —
שטעהט אויף שוין, אָה ליבע, שטעהט אויף !"

און מעכטיגער הויבט אָן דאָס ווינטעלע בלאָזען,
עס נעמען זיך ריהרען די ליליען און ראָזען,
זיי הייבען זיך, שטעלען זיך זאַכט ;
זיי הייבען זיך, שטעלען זיך, נעמען זיך בויגען,
אָט גלייך ווי זיי וואָלטען זיך אַלע פארנויגען,
און גריסען די זון מיט איהר פראַכט.

זיי נייגען זיך אַלע, און שטעלען זיך ווידער,
דאָך, העכער און דרייסטיגער, שטעלט זיך אַ נידער
אַ ראָזע — די ליבליכסטע בלום !
און שטעהענד אין גלאַנץ, און אין גאָלדענע שטראַהלען,
הייבט פלוצלונג אָן שטראָמיג פון איהר זיך צו פאַלען,
ברילי‌אַנטיגע טראָפּענס פערפיום.

עס פאַלען די טראָפּענס אַלץ מעהרער, און מעהרער,
און ווערען אַלץ העפטיגער, ווערען אַלץ שווערער,
און פאַלען זיי קוים נאָר אראָפּ —
דאָן הערען זיך טאַקטען, דאָן הערען זיך טענער,
און ווערטער ערקלינגען אין זיי אימער שעהנער,
וואָס קלינגען, ווי זאָגענדיג, אָפּ :

„מיר לעבען ווי מענשען, מיר בליהען, מיר דאַרבען,
מיר טרינקען די פרייד און מיר וועלקען, מיר שטאַרבען —
אַזוי איז אַ יאָהר נאָך אַ יאָהר;
די בלומען, וואָס דו האָסט געזעהן פאַר אַ יאָהרען,
זיי זיינען פאַרגאַנגען, פאַרשטאָרבען, פאַרלאָרען,
און מיר זיינען ווידער אַ דור.

„דאָך קענען מיר, בלומען, זיך גאָר ניט ערקלעהרען,
ווי קומט עס, וואָס דו, אַלס אַ מענש, זאָלסט אונז עהרען?
איך וויים ניט, ווי קען עס גאָר זיין?!
אין אונזער געשיכטע וואָס אונז איז געבליבען —
דאָרט שטעהען גאָר אַנדערע מעשיות געשריבען —
דאָך הער זיך נאָר מענשען-קינד איין:

„אין פריהלינג, אין שעהנעם, און שטילען פריה-מאָרגען,
ווען אַלעם איז טרוימעריש, רוהיג, אָהן זאָרגען
פאַרוויגט פון אַ הימלישען כאָר;
דאַן שטעהען מיר אַלע שוין וואַכענדע בלומען,
און זיינען אין טראַכטען, אין דיינקען פאַרנומען,
פון אַלעם וואָס קומט מיט אונז פאָר.

„און הייבט אָן די זון נאָר צו שיינען — דאַן פאַלען
פיל ווארימע, גאָלדענע, גלענצענדע שטראַהלען,
און הייבען ווי גלעטען אונז אָן;

און פרעסען באלד אַפּ אונז'רע אַלע געפיהלע,
און טראגען זיי הויך דורך די שטערענדלאך שטילע,
און זיגלען זיי אַפּ אויף דער זון.

„און דאָרטען... אָה הימלען! ווי קלעגליך צו הערען!
דאָרט שטעהען פארשריבען מיט טרויער, און טרערען
פיל בייזע געשיכטען אויף אייך —
דאָרט שטעהט אַז אונז בלומען, אונז הימלישע גאבען,
וואָס זיינען פול ליבע און שעהן און ערהאבען,
אונז טרעט איהר ווי שטיינער צו גלייך!

איהר פליקט אונז אַפּ יונגע, און מאכט זיך בוקעטען,
און לייגט זיי אויף הויפטער פון די, וועלכע טרעטען
דעם גלאנץ וואָס האָט וואַרהייט באשעהנט;
און די וועלכע זיינען אין שאנדע געזונקען,
און די וועלכע ליגען פון וויינען באטרונקען,
די ווערען מיט אונז דאָ באקרוינט.

„דאָרט שטעהט אז" — נאָר רויזען, אָה הימלישע בלומען,
איך ווייס ניט אָה, ליבע, איך ווייס ניט ווי קומען,
די בייזע געדאנקען צו אייך?
אַט די, אַט פון וועלכע איהר האָט דאָרט געלעזען —
די זיינען אויף זיכער קיין מענשען געוועזען
ווייל מענשען פארגעטערען אייך!

די מענשען... אַה ליבע! ווי זייט איהר זיי טייער!
איהר צינדט זיי דאָך אָן אין די הערצער אַ פייער,
פון אייביגע פריידען און לוסט;
און הויבט איהר אין פריהלינג נאָר אָן צו ערשיינען,
די מענשען — ווי פרעהלאך, ווי גליקליך זיי זייגען!
זיי דריקען אייך אַלע צום ברוסט!

די עדעלסטע טאַטען, די נאָבעלסטע יוגענד,
די גלאַנצרייכסטע עלטער, און אַלעס, וואו טוגענד
האָט טיף איהרע קערנער געפלאַנצט;
און גייסטיגע זונען, און ליכטער פון פרייהייט,
און גרענצלאָזע ליבע, און אייביגע טרייהייט —
אַלץ ווערען מיט בלומען באַקראַנצט!

און זעהט דאָרטען, ליבע, אַ העלדישען קריגער,
אַ מוטיגען קעמפער, אַ גלענצענדען זיגער,
אַ פיינד פון טיראַנישע מאַכט;
זיין הארץ האָט פאַר ליכט און פאַר פרייהייט געשלאָגען,
זיין ברוסט האָט ער געגען די פיילען געטראָגען,
איצט קומט ער אַלס זיגער פון שלאַכט.

עס יובלען די פעלקער, און לויפען באַגריסען
דעם העלד, וועלכער האָט זיי'דע קייטען צוריסען —
זיי רינגלען איהם אַלע אַרום.

און יעדער וואָס קומט, און וואָס לויפט איהם אַנטקעגען,
דער טראָגט איהם מיט פרייד, און מיט איניגסטען זעגען,
אַלס צייכען פון עהרע אַ בלום.

און דאָרט אויפ'ן קברים-פעלד, דאָרט, וואו פאַרהאַנגען
איז אַלעם מיט טרויער, און ס'גיבט קיין פאַרלאַנגען,
וואו טוידט איז דער וועלטליכער טריב!
דאָרט שטעהען פיל מענשען פון אַלעם ענטריסען,
וואָס זיינען געקומען פיל טרערען פאַרגיסען,
אויף קברים וואָס זיינען זיי ליב.

זיי שטעהען דאָרט אַלע מיט וויינענדע אויגען,
און יעדערער שטעהט אויף אַ קבר געבויגען,
און מורמעלט זיך ווי אַ געבעט;
און יעדערער לייגט דאָרט מיט הערצליכע פרייהייט,
אַלס צייכען פון ליבע, און אייביגע טרייהייט,
אַ דופטענדען בלומען בוקעט.

* * *

אָה, בליהמעלאך ליבליכע, געטליכע בלומען,
ווי רייצענד, ווי צאַרט איהר זייט ווידער געקומען,
ווי הימליש ווי שעהן און ווי רייך!
ווי פרעהען זיך אַלע מיט אייער ערשיינען —
דאָך, די וועלכע טרעטען אייך — ווייסט ווער זיי זיינען...
די מענשען פאַרגעטערען אייך.

# אינהאַלט:


| | זייט |
|---|---|
| טראַג אהין מיין ליבסטע | 57 |
| און זי האָט צו איהם זיך געטוליעט | 60 |
| צו א בחור | 62 |
| זאָג מיר מיידעל | 64 |
| פונקען | 66 |
| אומזיסטע שרעק | 67 |
| שטארקע שטראָמען | 69 |
| צו א פריינדין | 70 |
| צו א פילאָזאָף | 72 |
| גענוג | 73 |
| אמאָל און יעצט | 74 |
| אומזיסטע טרעהרען | 75 |
| ניט וויין | 77 |
| ערוואכונג | 78 |
| פראקטישע ליבע | 79 |
| צו איהר | 80 |
| טרוים און ווירקליכקייט | 81 |
| ניט פארצווייפעלט | 82 |
| פאָעזי און פראָזא | 83 |
| ליבע | 84 |

## טראָג אהין מיין ליבסטע.

שטורם פון דעם קאַלטען צפון,
זאָג מיר, וואו די וואַנדערסט אום ?
וועלכע וועהען, וועלכע שמערצען
טרייבען דיך דאָ איצט אַרום ?

וועמען זוכסטו אין די וועלדער
אין אַ נאַכט פון אימה, שרעק ?
האָט דיין ליבסטע דיך פאַרלאָזען ?
מיט אַן אַנדערען אַוועק ?

מיט אַנאַנדערען פאַרשוואונדען
און דאָס האַרץ פאַרוואונדעט דיר ?
לאָמירביידע גיסען טרעהרען,
ווייל מיין האַרץ צורייסט אויך מיר !

* * *

איך האָב אויך געהאַט אַ ליבסטע,
און מיין האַרץ בייגקט אויך נאָך איהר.
אימער, אימער דוכט מיר, קוקט זי
מיט אַ טרויער בליק אויף מיר.

אימער דוכט מיר, הער איך איהרע
ליפען מורמלען מיט אַ וועה:
„לאָז מיך, ליבסטער, דאָ ניט איבער" —
און מיין האַרץ — עס וויינט אַזוי!

* * *

שטורם, אך, ווען דו וואָלסט איינמאָל
זי, מיין ליבסטע, נאָר געזעהן!
גוט און מילד און — אייביג איז זי
ווי אַ געטין שעהן געוועזן.

איהרע האָר — ווי גאָלד'נע שטראַהלען,
און די שולט'רען — ווייס ווי שנעע;
הימלען האָבען טיף געניינגט זיך,
ווען זי האָט געבליקט אויף זיי.

און איהר שפּראַך האָט העל געקלונגען,
און איהר זעעל — מיר אימער טריי;
און איהר האַרץ איז צאַרט געוועזען,
ווי אַ בלומען־קנאָספּ אין מאַי.

פלעגט זי ליבליך מיך אומאַרמען
און מיר זאָגען „ליבסטער מיין!"
פלעג איך ווערען ווי באַפליגעלט
און — אין העכסטען הימעל זיין.

אבער, אך, מיין שעהנע גערטין,
זי, מיין הימלישער געמאַהל —
ווי אַ קאַלטער צויבער ליגט זי
און — פאַרלאָשען איז איהר זעעל!

שטיל, פאַרגליווערט ליגט מיין ליבסטע,
ליגט מיין יונגע, זאַנפטע בלום;
ס׳קלאַפּט ניט מעהר איהר האַרץ מיט ליבע,
און די ליפּען — קאַלט און שטום!

* * *

שטורם, קומסט פון קאַלטען צפון,
וואו עס הערשט דער ווינטער גלאַנץ.
טראַג אהין אַוועק מיין ליבסטע,
זאָל איהר צויבער בלייבען גאַנץ!

טראַג איהר אויף דעם העכסטען אייזבאַרג,
לייג איהר אויף אַ בעט פון שנעע,
און די הימלען וועלען זעהן איהר
און — אויך וויינען וועלען זיי!

נעבען איהר, מיין שעהנע, וועל איך
אימער וואַכען, אימער שטעהן,
און פאַרגיסען וועל איך טרעהרען
ביז איך וועל, ווי זי, פאַרגעהן!

## און זי האָט צו איהם זיך געטוליעט...

אָוועגט. דער טייך איז געווען
אין זילבערנעם גלאַנץ איינגעהילט.
זיי זיינען אין שיפעל געזעסען
און האָבען זיך גליקליך געפיהלט.

ער האָט איהר דערצעהלט וועגען הערצער,
וואָס האָבען מיט ליבע געשפריצט;
ער האָט איהר געשילדערט מאָמענטען,
וואָס האָבען מיט צויבער געבליצט.

ער האָט איהר געמאָהלען די בילדער
פון ליבע, פון לעבען און לוסט,
און ליבליך און צאַרט האָט די שעהנע
געטוליעט איהר קאָפּ צו זיין ברוסט.

און ער האָט צום האַרצען געדריקט זי,
נאָך יוגענד, נאָך ליבע געגאַרט;
ער האָט איהר מיט הייליגע ווערטער
באַצויבערט, דערפרישט און — גענאַרט.

ער האָט ניט דערצעהלט אַז זיין יוגענד
איז לאַנג שוין, אויף אייביג פאַרביי,
און ס'וועט אין זיין האַרצען שוין קיינמאָל
ניט בליהען פון לעבען דער מאַי...

ער האָט ניט דערצעהלט, אַז ער איז שוין
ניט מעהר ווי אַ קבר וואָס לעבט...

— — — — — — — — — — —

און זי האָט צו איהם זיך געטוליעט
און גאָלדענע טרוימען געוועבט...

## צו אַ בחור.

אָה, בחור, וואַרט, בלייב שטעהן אַ ווייל׳
און זאָג, וואוהין דו געהסט;
דיין פּנים שטראַהלט פון גליקליכקייט,
דיין האַרץ איז פול מיט טרייסט.

דיין זעעלע גליהט, די אויגען דיינ׳ —
דאָס לעבען שפּריצט פון זיי.
זאָג, בחור, געהסט דיין ליבסטע זעהן?
נו, געה זשע, בחור געה!

געה, בחור, געה, פאַרליר קיין צייט,
ניט רויב קיין פרייד פון זיך
ווייל יוגענד האַלט דאָך אָן ניט לאַנג:
זי שווינדעט שנעל און גיך.

די יוגענד שווינדט, זי שוועבט פאַרביי,
צופליסט, ווי זילבער־שוים;
די יוגענד פליהט ווי פיילען שנעל,
און — ווערט אַ זיסער טרוים...

אָט בין איך יונג געווען ווי דו,
מיט פרייד און לוסט געווען;
איך פלעג אַמאָל די ליבסטע מיין,
ווי דו אויך לויפען זעהן.

מיין ליבסטע פלעגט ערוואַרטען מיר
מיט אָרעמס אויסגעשטרעקט',
און האָט ביי מיר אין הארצען טיף
די לעבענס־פרייד ערוועקט.

מיין ליבסטע פלעגט אומאַרמען מיך
מיט ליבשאַפט און מיט חן;
זי פלעגט מיט מיינע שוואַרצע האָר
זיך שפילען צאַרט און שעהן.

מיין הארץ, וואָס איז פול פרייד געווען,
איז איצטער פול מיט וועה;
די שוואַרצע לאָקען מיינע, זעה:
באַזילבערט זיינען זיי...

דער אָדלער בליק פאַרשוואונדען שוין
און — ס'אומערט מיך אצינד...

— — — — — — — — — — —

נאָר, זאָג, דו געהסט דיין ליבסטע זעהן?
נו, געה שוין, געה זשע, קינד...

## זאָג מיר, מיידעל.

מיידעל דיינע באַקען וועלקען,
דיינע ליפּען זיינען בלאַס ;
דיינע בליקען האַלב פאַרלאָשען
און די אויגען דיינע — נאַס.

זאָג מיר, מיידעל, זאָג מיר, שעהנע,
וועלכע וועהען דריקען דיר ?
איז דאָס ליבע ? — קום, דו בלאַסע,
לייג דיין שעהנעם קאָפּ אויף מיר !

קום צו מיר, און דו וועסט פרעהליך,
דו וועסט אייביג גליקליך זיין ;
נייע הימלען וועל איך בויען —
דו וועסט דאָרט מיין געטין זיין.

נעקטאַר*) פון דעם הימעל׳ס בעכער
וועסטו טרינקען פראַנק און פריי;
אייביג וועט דיין שעהנע יוגענד
בליהען, ווי דער שעהנסטער מאַי.

וועט דער שעהנער מאָרגען קומען,
שיקען דיר זיין מאָרגען גרוס,
וועל איך קניען פאַר דיר, ליבסטע,
און דיר וועקען מיט אַ קוש...

קום צו מיר דו בלאַסע שעהנהייט,
לייג דיין צאַרטען קאָפּ אויף מיר!
קום —

— — — — — — — — —

— נאָר, אַך, איהר יוגענדס טרוימען,
געהט, פאַרשווינדט אַצינד פון מיר!

געהט, ווייל ס׳קען שוין מעהר ניט מאַכען
ליבע אין מיין האַרץ קיין רעש;
געהט, מען קען שוין מעהר ניט צינדען
פייער אין אַ באַרג פון אַש...

*) געטער געטראַנק.

# פונקען.

עס פליען נאָך פונקען פון ליבע
גאַנץ טיף, דאָרט, אין האַרצען ביי מיר;
זיי פליען... אָה, ליבסטע, האַלט נאָך
די הייליגע פונקען אין איהר!

דריק, ליבסטע, צום ברוסט מיך, און לאָז ניט
די הייליגע פונקען פאַרגעהן,
ווייל לעבען אָהן ליבע, מיין ליבסטע,
איז גלייך צו אַ גלאַנציגען שטיין...

# אומזיסטער שרעק.

אין אַ וועלדעל ביי אַ טייכעל
זיצט אַ יונגע שעהנע פּאָר.
און מיט זיינע פינגער גלעט ער
איהרע לאַנגע גאָלד'נע האָר;
רעדט צו איהר מיט ווערטער זיסע,
קוקט זיך אין איהר פּנים איין,
און ער פרעגט מיט צאַרטער ליבשאַפט:
„ווילסטו אייביג מיינע זיין?

רויטלאַך ווערען איהרע באַקען
און זי קוקט פאַרטראַכט אין טייך;
אָרים איז זי איצט אין ווערטער,
אַבער איז אין ליבע רייך.

אין איהר האַרצען גליהט די ליבע
און איהר זעעלע טרינקט געגוס,
און — זי ענטפערט איהר געליבטען
מיט אַ הייסען, הייסען קוש...

איבער זיי, הויך, צווישען צווייגען
פון אַ הויכען, שטאָלצען בוים
זיצען פייגלאך צוויי און זינגען,
און זיי וועבען דאָרט אַ טרוים;
טוליען זיך, און איינס צום צווייטען
האַלטען זיי זיך צוגעפּרעסט.
פּלוצלונג ווערען זיי דערשראָקען
און צופליהען זיך פון נעסט...

קוקען זיך אַרום פאַרצווייפעלט
און — זיי זעהען נעבען טייך
זיצען זיי, די הייס געליבטע,
און זיי לאַכען זיס און רייך...
זאָגט איין פויגעל צו דעם צווייטען:
„האָב קיין מורא, ליבסטע מיין;
זעה, זיי זיינען אויך געליבטע,
קום צוריק אין נעסט אַריין..."

## שטאַרקע שטראָמען ?

זיצט מיין שעהנע אין אַ שיפעל,
איינגעהילט אין זונען שיין,
און פון ווייטען זאָגט זי בעטענד :
„קום אין שיפעל דאַ אריין.

„זעץ זיך נעבען מיר אַנידער,
דריק מיך, דריק מיך צו דיין ברוסט,
און איך וועל דיר זינגען לידער
פול מיט פרייד און ליבעס לוסט.

„שטאַרקע שטראָמען ? קענסט ניט שיפען ?
אך, דאָס אַרט ניט, ליבסטער, מיר !
וואו די שיפעל זאָל ניט קומען
וועל איך גליקליך זיין מיט דיר !"

## צו אַ פֿריינדין.

. . . און דו טרוימסט פון שעהנע וועלטען;
קינד, האָט ליבע דיך פארוויגט?
זאָג מיר, זאָג מיר, ריינע זעעלע,
וועמען האָט דיין הארץ באגליקט?

זעה, דיין קינדהייט איז פארפלויגען,
גערהסט אין לעבענס קאמף אריין!
זאג מיר, זאג מיר, מענשען־בלום, זאג,
ווער וועט דיין באגלייטער זיין?

ווען טרויסטו אן דיין ליבע
און אלם לעבענס שוץ געשטעלט?
דיין געליבטען? קינד, עס שרעקט מיך —
ווייל איך טרוי ניט פיל די וועלט.

פאלשקייט, איינגעהילט אין ווארהייט,
זעה, זי טראגט א בלומען קראנץ!
זעה, נאאיווע! זעה, דער קינסטלער
מאכט אויף שטיינער אויך א גלאנץ!...

גלענצענד זיינען אפט די בליקען
אבער — בליק אריין אין הארץ —
דארטען, וואו די זון דארף שטראהלען,
דארטען, אך, איז אייביג שווארץ!...

## צו אַ „פילאָזאָף".

זאַגסט, אַז קושען זיינען קלאַנגען
אונ ניט מעהר ;
אונ צו צאַרטע ליפּען האָסטו
קיין באגעהר ;
אונ דו זעהסט אין זיי קיין צויבער,
קיין געדאנק —
דאָס באדייט, אז דו, מיין מלאך,
ביסט שוין קראנק !

ווייל אָט דער, וואָס הערט אין קושען
קיין מוזיק ;
אונ וואָס פיהלט אין צאַרטע ליפּען
אויך קיין גליק ;
אונ ער זעהט אין זיי קיין צויבער,
קיין געדאַנק —
דער איז אָרים, דער איז בלוטלאָז,
דער איז — קראַנק. . .

# גענוג.

נו, שוין פאַרפאַלען, יונגלינג;
זי ליבט דיך שוין ניט מעהר!
טאָ הער שוין אויף צו וויינען,
און זיפצען אזוי שווער.

דיין ביינקשאַפט וועט פארשווינדען,
אַט ווי דער קול אין וואַלד:
דו וועסט נאָך ווידער ליבען,
און — ווידער וויינען באלד...

גענוג, גענוג צו וויינען,
עס וועט פארגעהן דיין „בראָך".
דו וועסט נאָך דאַרפען טרעהרען
אויף פאר אַ דרימע נאָך. . .

# אַמאָל און יעצט.

אַמאָל פלעגט זי פרייד אין מיר וועקען,
קוים פלעג איך באַטרעטען איהר שוועל;
איהר בליק פלעגט מיין קערפּער צופלאַמען,
איהר וואָרט פלעגט ערהויבען מיין זעעל'.

איצט שליידערט זי כוואַליעס פון אומעט —
איהר האַרץ איז פון טרויער אַ קוואַל;
און ס'וואַנדלען אַרום איהרע בליקען,
אַט ווי אַ פאַרבלאָנדזשעטער שטראַהל.

## אומזיסטע טרעהרען.

איך בין אין הימעל און איך זעה:
דארט שטעהען געטער טראַנען,
און ס'פלאַטערען פרעהליך איבער זיי
פון זייד געוועבטע פאַהנען.

איך פרעג: וואו איז דער רייכער טראָן
פון איהם, דעם גאָט פון ליבע?
מען ווייזט מיר, און איך פאַל פאַר איהם,
און ס'וויינט מיין האַרץ די טריבע.

עס וויינט מיין האַרץ — איך זאָג: אָה, גאָט,
פאַרנעהם אויך מיינע טרעהרען!
זי האָט פאַרלאַכט, פאַרשפּאָט אין מיר
די הייליגסטע באגעהרען!

איך האָב געליבט, און, גאָט, ווי שווער —
ווי שווער איך האָב געליטען!
און זי — זי האָט מיין האַרץ און זעעל'
אויף לוקסוס, גאָלד פאַרביטען!

זי האָט פאַרשוועכט דיין טראָן. . .
— — — — — — — — —
נאָר אַך,
זיין האַרץ איז קאַלט, פאַרפראָרען!
איך קוק און זעה: אויף אַמור'ס*) טראָן
זיצט גאָט מאַמאָן**) אין צאָרען...

---

*) גאָט פון ליבע. **) גאָט פון גאָלד.

# ניט ווײן.

מײן אָלגא איז פרעהליך, קוים בין איך בײ איהר,
איז שטאָלץ, ווי אַ מעכטיגער זײל!
דאַגעגען, זי טרויערט, זי האָט ניט קײן רוה,
קוים געה איך אַװעק אויף א װײל׳.

אַך! אָלגא געליבטע, גענוג מיט געװײן!
די טרעהרען — זײ שמערצען אין מיר.
דו האָסט דאָך פאַרלאַנגט נאָר מײן האַרץ, און מײן זעעל!
געליבטע, זײ זײנען בײ דיר!...

# ערוואַכונג.

איך האָב געטרוימט: איך זעה מיין צוקונפט,
אויף הויכע זיילען פעסט געשטעלט;
און בין מיט ליבע היים אומאַרעמט,
פון איהר, די שענסטע אין דער וועלט.

און יעדער בליק פון איהר, איז צויבער,
און יעדע מינע — לעבענס לוסט;
און יעדעס וואָרט באַריהרט מיין זעעלע,
און וועקט דאָס העכסטע אין מיין ברוסט!

און שטעהט פאַר מיר אין גלאַנץ געקליידעט!
און טוגענד שטראַהלט אַראָפּ פון איהר —
— — — — — — — — — — — — —
איך האָב ערוואַכט, און — האָב געטראָפען
אַ שרעקליך־בייזע שלאַנג אויף מיר!...

## פּראַקטישע ליבע.

איהר בליק האָט מיין זעה־קראַפט פארבלענדעט,
איהר שמייכעל — מיין זעעלע באַטויבט,
און דאַן, ווען איהר שפּראַך האָט געצויבערט,
דאַן האָט זי דאָס הארץ מיין גערויבט.

דאָך ליבען ? — דאָס ווילט זיך, נאָר זאָגט מיר :
ווי קריג איך מיין הארץ צוריק אָפּ ?...

— — — — — — — — — — — —

נאָר האָב איך קיין הארץ ניט צו ליבען —
דאַן וועל איך שוין ליבען מיט קאָפּ !...

## צו איהר...

מיין הארץ פון מיין הארצען, מיין זעעל׳ פון מיין זעעל,
מיין העכסטער, מיין רייכסטער פארווירקליכטער טרוים,
דיין ליבע צו מיר, איז צוגלייך ווי דער שוים,
וואָס ווערט נאָר באַשאַפען אין שטראָם פון א וועלל...
און שפילט זיך, און פינקעלט אנקעגען אַ שטראהל,
און ווערט באַלד צופלאָסען אין מעכטיגען פאַל...

## טרוים און ווירקליכקייט.

און איך האָב געטרוימט אַז ליבע,
איז אַ וועלט פון בלומען טאָלען,
וועלכע גלענצען ווי קריסטאָלען,
געגען רייכען שטראַהלען פראַכט —

און איך האָב פון שלאָף ערוואכט,
און דערזעהן מיט אויגען טריבע,
אַז די טאָלען פון דער ליבע,
זיינען פינסטער, ווי די נאַכט!

## פּאָעזי און פּראָזאַ.

עס זיצט דער דיכטער הויך אין הימעל,
באוואונדערט אַלעס וואָס ער זעהט;
ער זיצט דאָרט און ער שרייבט אַ לידעל —
צו איהר, זיין ליבסטע, אַ געבעט.

ער בעט זי זאָל איהם ווידער ליבען,
איהם ווידער דריקען צו איהר ברוסט,
און זאָל ביי איהם נאָך ווידער וועקען
די יוגענד־פרייד און ליבעס־לוסט.

ער זיצט פארטיפט, און — פלוצלונג הערט ער
זיין פרוי, זי שילט און שרייט אָהן שיעור:
„וואָס זיצטו דאָרט, דו בלאַסער נודניק...
קום שנעל, דער לענדלאָרד ווארט אויף דיר...”

# זיי ניט פארצווייפעלט.

מיין זעעל האָט, ווי דיינע פון ליבע געציטערט,
ווייל איך האָב, ווי דו, א געליבטע געהאָט ;
זי האָט אויך מיין לעבען ווי דיינעם פארביטערט
און איך בין מיט ליבע געווארען שנעל זאַט.

דאָך, זיי ניט פארצווייפעלט, גענוג דיר צו קלאָגען,
קלייב בעסער אָן כחות, וועסט זיין מעהר באַטריבט ;
איך ווייס אז זי וועט אין דיר פיילען נאָך יאגען,
ווייל — זי איז די זעלבע וואס איך האָב געליבט...

# ליבע.

פון ליבע דער הימעל,
פון ליבע די וועלט,
איז נאָר אויף מינוטען
געגרינדעט, געשטעלט...
און וואָלט מען ניט טרינקען,
די פרייד פון מינוט,
דאַן וואָלט אויך ניט גליהען
פון ליבע דער גלוטה !...

* * *

ליבע איז אַ וואונדער געטין,
שטאַרק אין קערפּער, שוואך אין זין —
ליבע ? אָה, ווי אָפט די ליבע
ווערט אַ הימעל-געלאַטין !

* * *

זי האָט פון איהר האַרץ מיר דעם שליסעל געגעבען,
איך זאָל דאָרטען זעהן יענע שטראַהלענדע זונען,
פון ליבע און טרייהייט — נון, האַלט איך דעם שליסעל,
דאָך, האָב איך ביז איצט נאָך איהר האַרץ ניט געפונען...

* * *

איך האָב איהר געזאָגט: גערה אוועק!
און זי איז גאָר פריינדליך געקומען;
איך האָב איהר פארטריבען פון קאָפּ,
און — זי האָט מיין הארץ גאָר פארנומען.

* * *

דו האָסט זיך פאר׳קנס׳ט מיט דיין געטין?
געשווארען איהר אייביגע טרייהייט?
מיין ליבער, געזעגען זיך איצטער,
מיט איהר, דיין געליבטע—די פרייהייט.

* * *

איך האָב פון מיין ליבסטע אזוי פיל געדיינקט,
אז איך האָב אָן זיך גאָר פארגעסען,
און ס׳האָבען דערווייל די פלאַמען פון ליבע,
מיין קערפער, און זעעלע צופרעסען...

* * *

מיט דיר אין ים זיך באָדען, ליבסטע?
ניין, צו גרויס איז ליבע׳ס פלאַם!
ס׳קען דער פייער פון מיין ליבע
נאָך אויסטריקענען דעם ים.

# אינהאַלט:

| | |
|---|---|
| | זייט |
| זכרונות | 89 |
| דער שטומער ענטפער | 91 |
| ביינקשאַפט | 92 |
| איך קען איהם | 95 |
| אין די גאסען ביי נאַכט | 96 |
| קומט דער פריהלינג | 99 |
| איך אָבער | 100 |
| זומער און ווינטער | 101 |
| אויך אין די הימלען | 102 |
| זיין זינגעם ליד | 103 |
| די שטילע לויה | 104 |
| טאָג און נאַכט | 108 |
| דאָס לעבען | 109 |
| די אייביגע שטימע | 110 |
| א זיפץ | 114 |

# זכרונות.

אָה, לאַכענדע קינדהייט, פאַנטאַסטישע יוגענד,
איהר גאָלדענע, גליקליכע שטונדען;
וואו זייט איהר, אָה זאָגט מיר, וואו זייט איהר פאַרגאַנגען?
וואו זייט איהר, וואו זייט איהר פאַרשוואונדען?

אַליין, אין דעם שרעקליכען מדבר פון לעבען,
וואו ווינטען פון עלענדקייט בלאָזען;
אַליין, אין דעם מדבר פון פעלזען און שטיינער —
אַך, דאָרטען האָט איהר מיך פאַרלאָזען!

דאָרט שטעה איך פאַרצווייפעלט און בליק צו די הימלען –
די הימלען מיט וואָלקען פאַרשוואומען!
און איז נאָך צומאָל ניט דער ערשטער אריבער,
דאַן איז שוין אַ צווייטער געקומען.

זיי קומען מיט דונער, מיט שרעק און מיט שטורם,
מיט פינסטערע, טרױ׳ריגע שטונדען —
אָה, לאַכענדע קינדהייט, פאַנטאַסטישע יוגענד,
וואו זייט איהר, וואו זייט איהר פאַרשוואונדען?!

ווי האָט איהר מיך הויך, אין די הימלען פאַרטראָגען,
אונ דאָרטען מיין גליק מיר ענטזיגעלט;
איך בין דאַן צוגלייך ווי אַן אָדלער געוועזען,
מיט אָדלערשע פליגלען באַפליגעלט.

איך בין דאַן אין וועלטען פון זונען געפלויגען,
צווישען די גאָלדענע פונקען,
איך האָב דאַן מיט ברענענדען, דורשטיגען פייער,
פון גליק-בעכער פריידען געטרונקען.

דאָך איצטער — וואו זיינען די מעכטיגע פליגלען?
וואו זיינען פון לעבען די קוואַלען?
וואו זיינען די טרוימען, וואו זיינען די בילדער,
וואו זיינען די גלענצענדע שטראַהלען?

וואו זיינען די זיסע פאַנטאַזיען פון לעבען,
וואָס האָבען מיר וועלטען געבאָרען?
וואו זיינען... נאָר, אַך, יאָ, איך האָב זיי פאַרלאָרען
אויף אייביג און אייביג פאַרלאָרען!

און טרויעריג שטעה איך און בליק צו די הימלען,
וואָס זיינען מיט וואָלקען פאַרצויגען...
אָה לאַכענדע, קינדהייט, פאַנטאַסטישע יוגענד,
וואו זייט איהר, וואו זייט איהר פאַרפלויגען?!!

## דער שטומער ענטפער.

גייסט:

נון, מיין קינד, אין אלע וועלטען

האָסטו פאָרשענדיג פאַרבראַכט:

אַלעס האָב איך דיר געוויזען,

אַלעס האָט דיין אויג באַטראַכט.

איצט פאַרלאַנג פון מיר דאָס העכסטע,

און דיין ווילען זאָל געשעהן!

קינד:

„פאָטער, ווייז מיר נאָך דאָס איינע

וואָס איך האָב נאָך ניט געזעהן".

גייסט:

רעד, מיין קינד: און דאָס, ווי אַלעס,

זאָלסטו זעהן אין קלאָהרען שיין —

קינד:

„ווייז מיר, ווייז אַ מענשען־האַרץ

וואָס דאַרטען זאָל קיין וואונד ניט זיין..."

* * *

שטיל, דער גייסט שטעהט טיף געבויגען;

מאַכטלאָז פאַלט פון איהם זיין קרוין,

און די הימלען, און די געטער —

אַלע זיפצען מיט געוויין.

## בײנקשאַפט.

אין װאַלד איז צװיבערײש! עס מורמלען טײַכעלאַך,
און דוכט מיר האָבען זײ אַזױ פּיל מוטה;
עס זינגען פֿײגעלאַך ליב און זיס און אַנגענעם,
און זי, די נאַכטיגאַל, זינגט רײך און גוט.

זיי זינגען לידער זיך, די לידער מונטערע,
די לידער וועלכע וועקען לעבענם לוסט
און ברייננען טרייסטונגען, און פלאַנצען האָפענונג,
אין יעדע שטערבענד־שוואַכע מענשען־ברוסט.

זיי זינגען לידער זיך — אָה, געטער הימלישע,
ווי ליב, און אנגענעם איז יעדער טאָן!
איך פיהל זיי וועקען מיך, איך פיהל זיי רופען מיך,
און גיסען פול מיין האַרץ מיט פריידען אָן.

און ווינטלאַך שטילינקע, און ווינטלאַך דופטענדע,
זיי לויפען, זשומענדיג, מיר אָפט פאַרביי;
און טאַנצענד קומענדיג, דאַן דוכט מיר ריידען זיי,
פון פריהלינג ליבליכען, פון שעהנעם מאַי.

מיר דוכט זיי ריידען זיך פון צייטען גליקליכע,
און לויפען הין און הער אַרום געשווינד;
און וויגען זינגענדיג די יונגע צווייגעלאַך,
מיט צאַרטקייט ווי א מוטער וויגט איהר קינד.

דאָך פיהל איך ס'פעהלען מיר די איינציג־טרייסטענדע,
וואָס קענען רוהיג מאַכען מיר מיין האַרץ;
מיר פעהלען מענשען דאָ, איך האָב דאָ קיינעם ניט,
מיט ועמען זיך צו טיילען פרייד און שמאַרץ.

מיר פעהלען מענשען דאָ — די מענשען פריינדליכע,
די מענשען גליקליכע מיט יענעמס גליק;
מיר פעהלען מענשען דאָ — איך האָב דאָ קיינעם ניט,
זיך צו באַגריסען מיט אַ צאַרטען בליק.

מיר פעהלען מענשען דאָ — נאָר אַך! וואָס הער איך דאָרט?
איך הער אַ שטימע קלינגט מיט וועה און פיין:
„דו בייגקסט נאָך מענשען, פריינד? אָה! מענש,
ניט בייגק נאָך זיי,
„אַך בעסער, בעסער צווישען שטיינער זיין!

„דו זעהסט קיין מענשען ניט — דו זעהסט קיין שלעכטעס ניט.
דו זעהסט קיין מערדער און קיין ברודער־בלוט;
דו זעהסט קיין מענשען ניט — דו זעהסט קיין שענדליכקייט,
אָה, מענש דו גליקליכער, ווי דיר איז גוט!"...

* * *

אָה! פריינד געליבטער מיין, איך הער דיין טרויער קלאַנג,
איך הער דיין שטימע מיט דעם טיפסטען וועה.
דאָך עפּעס בייגקט זיך מיר, איך פיהל מיך אומעטיג,
עס ציהט אַהין, אַהין מיין הארץ צו זיי.

# איך קען איהם.

איך קען איהם, דעם פריהלינג, זיין צויבער, זיין פראכט,
זיין זוניגער טאָג, און זיין קיהלענדע נאכט
און מורמלענדע קוואלען
און גאָלדענע שטראהלען —
זיי זיינען מיר אַלע באַקענט;
זיי האָבען אַמאָל אויך מיין לעבען באַלעבט,
און גאָלדענע טרוימען געוועבט.

איך קען איהם, דעם פריהלינג; ער איז מיר ניט נײַ,
ער האָט אויך אמאָל מיט די בלומען פון מאַי
און זיסע געזאַנגען
מיין קינדהייט געפאַנגען —
מיט פריידען מיין יוגענד געברענט!
דאָך איצטער... מיך רייצט ניט זיין בארג און זיין טאָל —
מיין פריהלינג איז דער פון אַמאָל!...

# אין די גאַסען ביינאַכט.

איך וואַנדער ביינאַכט אין די גאַסען,
געטריבען פון עלענד און נויט ;
עס קומען מיר שאָטענס אַנטקעגען,
און ווער פון מיין אומעט באַגלייט.

איך בליק אין דער הויך, און די שטערען —
זיי טרויערען יעדער פאַר זיך ;

די בלאַסע לבנה — זי וואַנדערט,
און איז אויך פאַראומערט, ווי איך.

עס יאָגען, ווי וועלף, זיך די ווינטען
און צופּען די קליידער פון כעס,
זיי פייפען און רייסען די דעכער,
און וואַרפען אַ שרעק אויף דער גאַס.

* * *

עס געהט דאָרט אַ מענש, ווי אַ שאָטען,
און האַלט פעסט זיין פּנים פאַרשטעלט;
ער געהט ווי אין דרייען געבויגען,
און ציטערט, און שוידערט פון קעלט.

איך פרעג איהם: אָה, וואַנדלער, וואו געהסטו?
וואָס טרייבט דיך אַרום דאָ ביי־נאַכט?
ער ענטפערט „צו לאַנג צו דערצעהלען",
און וואַנדעלט אַוועק זיך פאַרטראַכט.

* * *

אין גאַס געהט אַ מיידעל —
כמעט נאָך אַ קינד;
זי וואַנדעלט אום לאַנגזאַם
און טראַכט נאָר פון זינד...

זי שמייכעלט מיט „ליבע"
און רעדט נאָר פון לוסט —
און, גאָט ! יעדער שמייכעל
צולעכערט מיין ברוסט.

איהר אַרט ניט דער אומעט.
איהר שרעקט ניט די נאַכט ;
זי זינגט און איז פרעהליך,
זי שטיפט און זי לאַכט.
דאָך הער איך אין שמייכעל
אַ זיפץ אַזוי שווער !
און זעה אין די „פרעהליכע"
אויגען אַ טרעהר...

* * *

עס וואַנדעלט דאָס מיידעל
אין גאַסען אַרום.
— די זיסע געלעכטערם
זיי זיינען שוין שטום ;
און בייז איז די נאַכט, און
עס שטורעמט דער ווינד,
און — ס'ליגט וואו אַ מאַמע
און ביינקט נאָך איהר קינד...

## קומט דער פריהלינג.

קומט דער פריהלינג אָן — איך פרעג איהם:
קומסטו, שעהנער, אויך צו מיר?
דוכט מיר אַז איך הער איהם זאָגען:
„אויך געבראַכט אַ בלום פאַר דיר,
און זי וועט ביי דיר אין האַרצען
בליהען, דופטען אָהן א שיעור.”

פריהלינגס בלומען אין מיין האַרצען?
שוין פאַרגאַנגען יענער פראַכט! —
ווינטער בלומען האָבען דאָרטען
זיך שוין לאַנג אַ נעסט געמאַכט...
בלומען, וועלכע ס'מאָהלט דער פראָסט, אויף
שויבען פון אַ ווינטער נאַכט...

# איך אָבער...

דער פריהלינג פאַרביי, און
דער מאַי איז אַריבער;
אויך איז שוין דער זומער אַוועק.
דער הערבסט איז שוין דאָ,
און דער ווינטער וועט קומען
מיט פרעסט, און מיט ווינטען, און שרעק.

דער הערבסט וועט פאַרביי, און
דער ווינטער — פאַרשווינדען;
דער פריהלינג וועט קומען מיט שיין.
און גרין וועט די ערד זיין,
און הערליך דער הימעל —
דאָך איך אָבער — איך וואו וועל זיין?...

## זומער און ווינטער.

מיין הארץ איז אַ זומער געוועזען,
דאָרט האָבען פיל שטראַהלען געגליהט;
דאָרט האָבען פיל קוואַלען געפלאָסען,
און דופטענדע בלומען געבליהט.

מיין הארץ איז אַ ווינטער געוואָרען,
און אַלץ איז דאָרט קאַלט און פאַרראָסט;
דאָרט שטורמען שוין שניידענדע ווינטען,
באַלד קומט שוין דער אייביגער פראָסט!

## אויך אין די הימלען.

די זון האָט שוין פאַרלאָזען
איהר שעהנעם הימעלס-טראָן;
און פון די טיפע וועלדער —
דאָרט קומען שאָטענס אָן.

אויף פעלדער, בערג און טאָלען
צושפּרייטען זיי זיך זאַכט...
באַלד לעגט אַוועק איהר זיגעל
אויף אַלץ די שוואַרצע נאַכט.

איך בליק אַרויף צום הימעל!
מיר גיט אַ דריק אַ וועה;
די שטערען דאָרט אין הימעל —
ווי מענשען זיינען זיי...

בלויז עטליכע נאָר גלענצען
אויך דאָרטען אין דער הויך —
די אַנדערע מיליאָנען —
ווי אומעטיג און בלייך!...

## זיין זיגעס ליד.

איך זינג פון אלץ מיט וועה און פיין,
איך זינג, איך וויין אלץ מעהר,
ווייל אלעס, אלעס האט פארדינט
א הייסע, גרויסע טרעהר!

איך בליק ארויף — דער הימעל גרוי,
די שעהנע זון — פארדעקט;
איך בליק אראפ — עס כאפט א גרויל,
די ערד מיט בלוט באפלעקט!

און אין דער לופט — איך הער א קלאנג,
פון טייפעלס שפאט באגלייט;
איך אטעם, און — איך פיהל דעם גרוך
פון קברים און פון טוידט.

דער הימעל זיפצט, עס קרעכצט די ערד,
די מענשהייט שוואך און מיד!
און ס'שוועבט דער גייסט פון בלוט און מארד,
און — זינגט זיין זיגעס־ליד!

1917

## די שטילע לויה.

דער הימעל האָט זיין ליכטיגקייט
אין שוואַרצע וואָלקען איינגעהילט ;
און אַלץ איז שטיל און טרויעריג
פאַרוויגט אין דער נאַטור !
די בלימעלעך, זיי דופטען ניט,
זיי שטעהען ווי פאַראומערטע ;
די פייגעלאך, זיי זינגען ניט,
מען זעהט פון זיי קיין שפור.

עס שפרייטען שוואַרצע וואָלקען זיך
אַלץ מעהרער אין דעם הימעל־רוים,
און רייסען פון מיין האַרץ ארויס
פיל זיפצען און געוויין ;

זיי וועקען אַלטע וועהען אויף —
און אין דער טיפסטער עלענדקייט,
אין גרויסען, טיפען טרויער ים, —
דאָ וואַנדעל איך אַליין.

איך וואַנדעל, וואַנדעל זוכענדיג
אַ טרייסט, אַ שפּור פון ליכטיגקייט,
וואָס זאָל אין מיר פאַרלייכטערען
מיין טיפען, טיפען שמאַרץ!
וואָס זאָל מיין גייסט ערהויבען נאָך —
און... פּלוצלינג, טרייסטונג זוכענדיג,
ערקלינגט פאַר מיר אַ טרויער שטים,
וואָס רייסט נאָך מעהר מיין האַרץ.

איך וואַרף די מידע בליקען דאָרט,
אַהין — פון וואו די שטימע קומט,
פיליכט וועל איך באַמערקען וואו
אַ וועג — אַ מענשען־שפּור;
פיליכט... און באַלד דערזעה איך דאָרט
אַ שוואַרצען וואָגען ראָלענדיג,
באַגלייטעט פון אַ טרויעריג
פאַרשלייערטע פיגור.

איך שטעה און בליק מיט טיפען װעה,
אויף יענעם שטילען טוידטען־צוג,
און טרעהרען, פיהל איך, קייקלען זיך
ארונטער אויף מיין ברוסט ;

איך פיהל דעם טיפען עלענד דאָרט,
פון יענעם, שוין פאַרשטאָרבענעם,
װאָס האָט געװיס זיין לעבענס־טאָג
פון לעבען ניט געװוּאוסט !

געװיס געװען אָן עלענדער,
װאָס האָט קיין היים, קיין רוה געהאַט,
און שטענדיג פלעגט ער פלאגען זיך
אין אָרימקייט און נויט ;

געװיס האָט ער קיין פריינד געהאַט,
װאָס זאָלען טרייסטען, העלפען איהם,
און איצטער... אַך, זיין אָרון איז
פון איינער נאָר באַגלייט !

און זי, די שװאַרץ־געשלייערטע ?
דאָס מוז געװיס זיין מאַמע זיין —
װי ביטער און װי שמערצליך איז
איהר יאָמער און געװיין —

זי פיהרט געווים אין קבר איצט
איהר קינד, איהר זוהן איהר איינציגען,
וואָס האָט אין פיין פארלאָזען איהר
פאראיינזאמט, ווי 'אַ שטיין!

עס ראָלט דער שווארצער וואָגען דאָרט,
די שווארצע וואָלקען שפּרייטען זיך,
און ווארפען שרעק און פינסטערנים
אויף אַלעם רונד אַרום;
און איך — איך בליק, איך בליק אַהין,
און... ענדליך הער איך רופענדיג,
אַ שטימע הער איך רופט צו מיר:
„אָה קום, מיין פריינד, אָה קום!

„וואָס שטעהסטו, פריינד, פון ווייטען דאָרט
און קוקסט מיך מיט אַ טרויער אָן?
זאָג, בין איך דען שוין פרעמד פאַר דיר?
זאָג, ווייסט ניט ווער איך בין?
אָה, פריינד, איך בין דיין יוגענד דאָך,
אָה קום, אָה קום, געזעגען זיך,
אין שווארצען וואָגען פיהר איך דאַ
די האָפענונגען דיינ'!..."

## טאָג און נאַכט.

מיך שרעקט ניט די נאַכט
מיט איהר אומעט און פּלאָג.
איך ווייס, אַז נאָך איהר
ועט באַלד קומען דער טאָג.

דאָך שרעקט מיך דער טאָג
מיט זיין צויבער און פּראַכט.
איך ווייס, אַז נאָך איהם
וועט באַלד קומען די נאַכט!...

# דאָס לעבען.

. . . און ווי ליבע, איז דאָס לעבען,
אייביג גלאַנצט ער רייך און מילד;
בליקט איהר אָבער אין איהם טיפער,
זעהט איהר דאַן א שרעקענס בילד —

גרויסע דערנער, שאַרפע פעלזען,
ליגען טיף אין איהם צושפּרייט;
און דער לעבענס-וואַנדלער בלוטעט,
ביז ער פאַלט אַנידער טוידט.

## די אייביגע שטימע.

דאָרט אין אַ צימער ליכטיגען,
אין יום טוב'דיגען אויסגעפּוצט,
דאָרט זיצען זיך צוויי אַלטינקע —
אַ ליבע שעהנע פּאָר.
די צייט, די צייט די שטירמישע,
די צייט, די אייביג שטראָמענדע,
זי האָט אויף זיי שוין אויסגעקריצט
די פולע זיב'ציג יאָהר!

זיי זיצען שטיל און ריידען זיך
מיט ליבשאַפט, שעהן און אַנגענעהם;
זיי ריידען פון אַ געגענשטאַנד
וואָס איז פון זיי שוין ווייט —
זיי ריידען פון די קינדער טעג,
פון איהר, די יוגענד ליבליכע,
וואָס בלייבט אין הארצען אויסגעקריצט
אַ לאַנגע, לאַנגע צייט.

און זיצענדיג, אָפט בליקען זיי
מיט פריידען דורך די פענסטער דורך;

און וואַרפֿען איינם דעם צווייטען זיך
א ליבען, צאַרטען בליק;
דאָס וואַרטען זיי אויף געסט א סך,
וואָס דאַרפען קומען פרעהען זיך,
וואָס דאַרפען קומען ווינשען זיי
צו זייער שמחה, גליק.

ווייל פופציג רונדע יאָהרעלאך
איז שוין ביי זיי געוואָרען היינט,
נאָך זייער ליבער חתונה,
נאָך זייער גרויסען פעסט;
דאָס האָבען זיי א יום טוב׳ל
לכבוד דעם געמאַכט זיך היינט,
און איצטער זיצען זיי זיך דאָס,
און וואַרטען אויף די געסט.

און זיצענדיג, דערצעהלענדיג
זיך מעשה׳לאַך גאַנץ שעהנינקע,
דערהערט זיך פלוצלינג געהענדיג —
א רויש פון מענשען-טריט;
און— טיר און טויער עפענט זיך,
און טעכטער, זיהן, און אייניקלאך —
זיי קומען אַל׳ אין הויז אריין,
מיט פרעהליכען געמיט.

און יעדעם קינד באַזונדער געהט
צו זיי, דיביידע אַלטינקע,
און פיהרט מיט זיך די אייניקלאַך
צו זיי, די אַלטע פּאָר.

און יעדער ווינשט לאַנג לעבען זיי,
אַ לעבען נאָך אַ גליקליכען,
אַ לעבען פול מיט זיסיגקייט,
אויף לאַנגע, לאַנגע יאָהר.

און זיי, די ביידע אַלטינקע,
ווי ליב און פרעהליך ווינען זיי!
אין זיי האָט ווידער אויפגעוואַכט
דאָס הייכע לעבענס לוסט;

זיי ריידען זיך צו יעדערען
מיט ווערטער זיסע, הייליגע,
און רופען צו די אייניקלאַך,
און דריקען זיי צום ברוסט.

„אָה, ליבע, ליבע קינדערלאַך,
ווי ליב און טייער זייט איהר מיר,"
זאָגט צו זיי דער אַלטינקער
מיט הערצליכען גענוס,

און זי, זיין גליק־באַגלייטערין,
זי רעדט צו זיי מיט צערטליכקייט,
זי גלעט זיי ביי די קעפּעלאַך
און גיט זיי אָפּט אַ קוש.

אין הויז איז לוסטיג, פרעהליך, און
די געסט, זיי טאַנצען, פרעהען זיך,
דאָך פּלוצלינג דורך דעם פריידען־רויש
דערהערט זיך אַ געשריי:
„איך בין דער טוידט דער מעכטיגער,
איך בין דער טוידט דער שרעקליכער,
די קברים זיינען פאַרטיגע —
איך וואַרט, איך וואַרט אויף זיי!"

דאָך קיינער הערט די שטימע ניט,
די שטימע אייביג שרייענדע,
און אַלעס, אַלעס צויבערט דאָרט,
אויף וואָס מען וואַרפט אַ בליק
ווייל ער, דער גאָט פון פריידען, איז
מיט זיי, די געסט, געקומען, און
ער גיט זיי טרינקען יעדערען
די זיסיגקייט פון גליק.

## אַ זיפץ.

איך האָב נאָך קיין אידישע לידער געזונגען,
אויף אידישע צרות נאָך קיינמאָל געקלאָגט;
דעם אידישען וועה האָב איך קיינמאָל פארמאָגט —
פאַר אַלעמען גלייך האָט דאָס ליד מיינס געקלונגען.
דאָך איצטער, איך פיהל, ווי מיך דריקט אַזוי שווער
די אייביגע, אייביגע אידישע טרעהר!

מיין גייסט האָט מיך הויך אין די הימלען פארטראָגען,
און דאָרטען מיר גליקליכע וועלטען געבויט;
איך האָב איהם דעם גלות פון מיין זעעלע פאַרטרויט,
געשאָנקען איהם אַלץ, וואָס מיין הארץ פלעגט פאַרמאָגען,
דאָך איצטער, גאַנץ הויך, אין די הימלען איך הער:
עס רופט מיך, עס וועקט מיך די אידישע טרעהר.

איך וואַרף מיינע בליקען אַרונטער ענטמוטיגט,
אַה, הימלען! עס שווידערט אין מיר יעדער גליד;
איך זעה, ווי עס וואַנדערט שוין ווידער דער איד,
צו'הרג'עט, צושלאָגען, צוריסען, צובלוטיגט;
און ווידער שוין בליצט יענער אייביגער שווערד,
וואָס פאַרבט מיט זיין בלוט, נאָך פיל רויטער די ערד.

איך וואַנדער פאַרצווייפעלט אין צפון, אין דרום,
אין מזרח און מערב — איך הער זיין געשריי!
און וואו נאָר איך וואַנדער, און וואו נאָר איך געה,
איך זעה נאָר פאַרבלוטיגטע אידישע קברים.
עס ציטערט מיין זעעלע, זי שווידערט אזוי
פון אידישען קרעכץ, און פון אידישען וועה!

עס ברויזען די כוואַליעס פון אידישע טרעהרען,
עס שניידט ווי מיט מעסערס דער אידישער פיין.
אך! ווען וועט אַן ענדע, אַן ענדע שוין זיין?!
ווען וועט שוין ערשיינען זיין ליכטיגער שטערן?!...
— — — — — — — — — — — — —
און מורא'דיג שטורמט די בלוטיגע שלאַכט,
און וויים איז דער הימעל, און לאַנג איז די נאַכט.
— — — — — — — — — — — — —

איינגעהילט אין מאָרגען שטראַהלען,
פול מיט ליבע, מוט און גייסט
דורך די גרויסע האָרץ-מדבריות,
שפּאַנט אַ יונגלינג שטאָלץ און דרייסט.

מוטיג שפּרייזט ער דורך די פעלזען,
דורך די שטורמ׳ס, בייזע קעלט,
און די בליקען זיינע וואַרפט ער
אין די ווינקלען פון דער וועלט.

גלוטיג ברענט זיין יונגע זעעלע,
מעכטיג שטורמט אין זיין ברוסט;
און עס קלינגט זיין פעסטע שטימע
פול מיט קאַמף און לעבענס לוסט:

„מיין עלענדע אומה, אומגליקליכער פאָלק,
גענוג שוין דעם טרוים-גאָט צו דינען!
דורך בערג, און דורך טאָלען, דורך פייער און פלאַם,
אַ היים מוזטו ענדליך געפינען!

„שוין טויזענדער יאָהרען אין גלות געוועזן —
דיין שמאָרץ האָט נאָך קיינער פאַרנומען!
דיין ווינטער איז שרעקליך, דיין ווינטער איז לאַנג,
דיין פריהלינג — דיין פריהלינג מוז קומען!“
— — — — — — — — — — —

הויך, אויף פעלזען, מאַיעסטעטיש
אנגעלעהנט אָן זיילען ליכט,
שטעהט אַ גרייז, און טיפע קנייטשען
ליגען פיל אויף זיין געזיכט.

יעדער קנייטש דערצעהלט פון פעלקער —
פון דער אַלטער אַלטער צייט ;
יעדער בליק דערצעהלט טראַגעדיעס,
פון דער וועלט'ס פאַרגאַנגענהייט.

שטעהט פאַרטיפט, און בליקט מיט ערענסט
אויף דעם יונגלינג שטיל אַראָפּ ;
און מיט טיפען טרויער זאָגט ער,
שאָקלענדיג זיין ווייסע קאָפּ :

„פלייצען וועט אידישע
בלוט אויף דער ערד,
ווי לאַנג עס וועט בלייבען
איין איינציגע שווערד ;

„ווי לאַנג עס וועט הערשען
דער שפּיזען-געפיהל,
וועט דינען דאָס אידישע
האַרץ אלס אַ ציל...”

# אינהאַלט :


| | |
|---|---|
| | זייט |
| חנה | 121 |
| מיין ליבסטע'ס ענטפער | 130 |
| די צוויי סטרונעס | 132 |
| דאָס אייביג ווייטע | 133 |
| האָפנונג | 134 |
| געזאנג פון טוידט | 135 |
| זונען ווערען ניט פארלאָשען | 136 |
| דער מענש | 137 |
| ווערטער | 139 |
| צו א פריינד | 140 |
| דו זיפצסט וואס דו ביסט גרוי ? | 141 |
| די שטראָף | 142 |
| ער | 143 |

# חנה.

(פּאָעמא)

אן אַלטינקע זיצט אויפ'ן שוועל פון איהר הויז
אַליין זיך, א שבת פאר נאַכט,
און האַלט איהרע אויגען אַרונטער צו ד'רערד
און איז ווי פאראומערט, פארטראַכט.

איהר פּנים צוקנייטשט און די הענד זיינען דאַר,
די האָר איהרע ווייס שוין, ווי שנעע;
די אויגען — די אויגען פאַרגליווערט און קאַלט,
פאַרלאָשען די פלאַמען פון זיי!

זי זיצט און איהר אַרט ניט דער טומעל אין גאַס,
זי ווערט פון גערויש ניט געשטערט;
פון צייט צו צייט הויבט זי די אויגען נאָר אויף
און — ווערט דערנאָך ווידער פאַרקלעהרט.

*   *   *

געווען אַמאָל איז זי אַ פרעהליכעס קינד,
געשפּילט זיך, געזונגען, געטאַנצט;
עס האָט דאַן איהר קינדערשער פּנים געשטראַהלט,
פון פרייד איהרע אויגען געגלאַנצט.

עס האָט איהר אַ טאַטע, אַ מאַמע געקושט,
מיט טראָפּענס פון ליבע באַשפּריצט;
זיי האָבען איהר קינדהייט, איהר לעבען, איהר גליק
ווי גוטע מלאכים באַשיצט.

אוועק איז די קינדהייט מיט טענץ און געזאַנג,
געקומען די יוגענד צו איהר;
איהר הארץ איז געוואָרען אַ ליבעס-פּאַנטאַן,
איהר זעעלע — אַ צויבער קלאַוויר.

איהר הארץ האָט געשפּרינקעלט מיט ליבעס פּאַרפּיום,
פיל הערצער מיט פרייד אָנגעפילט;
איהר זעעל׳ האָט דורך טענער געצויבערט, גערעדט,
די זיסעסטע לידער געשפּילט.

און רייך האָט איהר פּנים גע׳כשוף׳ט, געבלענדט,
די לאָקען — ווי שטראַהלען געוועןּ,
און בחורים זיינען געוואָרען ענטציקט,
קוים האָבען זיי חנה׳ן דערזעהן.

* * *

אַ כלה איז חנה, און — גליקליך איז זי!
עס באָדט זיך איהר יוגענד אין שטראַהלען;
עס באָדט זיך איהר לעבען אין נחת, אין פרייד,
אין לעבענס באַצויבערטע קוואַלען.

איהר חתן איז דער, וועמען זי האָט געליבט,
צו וועמען איהר האַרץ האָט געצויגען;
איהר חתן איז דער, וואָס האָט כבוד און געלד,
און — ברענענדע, ליבענדע אויגען...

און ביידע, ווי טויבען, שפּאַצירען זיי אום,
דערצעהלען פון האַרצען זיך סודות,
און שווערען: זיי וועלען זיך בלייבען געטריי,
און — נעהמען די הימלען אַלס עדות.

* * *

דער טאָג פון דער חופּה, און חנה — זי שטראַהלט,
איהר האַרץ זינגט די שעהנסטע געזאַנגען —
דער טאָג ווען אין האַרץ ברויזען כוואַליעס פון פרייד,
פון ליבע, פון לוסט און פאַרלאַנגען...

צושפּרייט איז די חופּה, דער עולם איז גרויס,
פיל אויגען מיט טרעהרען פאַרשוואומען —
מיט טרעהרען פון פרייד און מיט טרעהרען פון גליק...
דער חתן, די כלה — זיי קומען!

עס שפּילען די כלי זמר, און אַלע אַרום —
זיי זיינען ווי פריידען-פאַנטאַנען;

עס פרעהען זיך אַלע, סאַי אַלט און סאַי יונג,
אוּן זועבען נאָר ברכות פאר חנה'ן.

ווייל חנה איז צערטליך, ווייל חנה איז רייך
אין גוטע, אין צאַרטע געפיהלען.
זי העלפט ביי די ליידענדע לייכטערען שמאַרץ,
דעם הונגער ביי אָרימע שטילען.

* * *

אַ מאַמע איז חנה. אַט זיצט זי ביים וויג,
און ס'הערען זיך האַרציגע קלאַנגען.
דאָס וויגט זי איהר קליינינקען מלאך'ל איין
און זינגט איהם די שעהנסטע געזאַנגען.

זי זינגט אַזוי ליב און זי זינגט אַזוי זיס,
די לידער — ווי הערליך זיי קלינגען!
און דוכט זיך... אין הימעל... דאָרט הערט זיך געזאַנג...
עס העלפען מלאכים איהר זינגען!

אַט ליגט שוין דאָס מלאך'ל זיס און געשמאַק —
דער שלאָף איז אויף איהם שוין געפאַלען,
און איבער איהם שטעהט זי, די מאַמעלע, שטיל,
באַדעקט איהם מיט האַרציגע שטראַהלען.

באַוואונדערט די אויגעלאַך, קעפּעלע זיינס,
די בעקעלאַך, ליפּעלאַך שעהנע;

די פיסעלאך, הענטעלאך, פינגערלאך, אך!
ניטאָ אין דער וועלט גאָר אַזוינע!

ניטאָ אַזאַ קינד... נאָר עס הערען זיך טריט —
איהר שמואל, איהר מאַן איז געקומען;
זי לויפט איהם אַנטקעגען, און גיט איהם מיט פרייד
פון ווערטער, אַ בינטעלע בלומען...

דערצעהלט איהם, ווי שעהן זייער מלאך׳ל איז,
ווי קלוג און ווי גוט און ווי טייער!
און ס׳פלאַקערט באַלד אויף אין די אויגען ביי זיי
אַ הייליגער, געטליכער פייער...

* * *

עס פליהען די טעג און מאָנאַטען געשווינד,
עס רוישען, עס פליהען די יאָהרען;
אַט איז שוין דער מלאך׳ל, יוסף׳קע, איצט
אַ היבשינקער אינגעל געוואָרען.
און טאַטע און מאַמע — זיי שטראַהלען פון גליק.
ער וועט זייער לעבען באַצירען;
מען וועט איהם מיט מזל דאָך דאַרפען שוין באַלד
אין חדר.. אין חדר באַלד פיהרען...

און יוסף׳ל האָט דאָך אַ טייערען קאָפּ,
ער וועט דאָך דאָס לערנען באַנעהמען;

ער וועט מיט זיין שכל און חכמה דאָך באַלד
די אַנדערע קינדער פאַרשעהמען...

און, ענדליך... אַט איז שוין געקומען דער טאָג...
ווי גרויס, אָה, ווי גרויס די נחמה!
זיי האָבען אין חדר איהם ענדליך געבראַכט...
עס ציטערט פון פרייד די נשמה...

און יוסף׳ל לערענט, און יוסף׳ל וואַקסט,
און האַלט זיך אַלץ מעהר אין צובליהען...
און טאַטע און מאַמע — עס שוועבען פאַר זיי
פיל רייכע, פיל גליק־פאַנטאַזיען...

אַט וועט ער באַלד ווערען אַ גרויסער, אַ מאַן
מיט הויכע, מיט נאָבעלע צילען;
וועט קריגען א כלה גאָר איינס אין דער וועלט...
אַט וועלען כלי זמרים באַלד שפּילען...

און יוסף וועט האָבען אַ גליקליכע היים,
אַ טאַטע וועט יוסף׳ל ווערען...
און שמואל און חנה — זיי וויינען פון פרייד,
זיי גיסען מיט הייליגע טרעהרען...

— — — — — — — — — — — — —

עס פליהען די יאָהרען, די האָר ווערען גרוי,
עס שווינדט שוין די האָפנונג, דער שטרעבען;

עס פליהען די יאָהרען ווי שטורמס פאַרביי
אונ רייסען אָפּ שטיקער פון לעבען.

זיי פליהען, און פליהען, און אומעטיג ווערט,
עס וועבען זיך טרויער־געפיהלען;
דער צויבער קלאַוויר, וואס האָט פרעהלאכם געשפּילט,
ער קען שוין קיין פרעהלאָדם ניט שפּילען...

* * *

אין צימער זיצט חנה פאַרטרויערט, פאַרטראַכט,
די אויגען מיט טרעהרען פאַרגאָסען;
איהר שמואל, איהר שמואל — ער איז שוין ניטאָ,
דער טוידט האָט זיין לעבען פאַרלאָשען!

און ווייט איבער לענדער, ווייט, איבער אַ ים
איז יוסף׳ל דאָרטען דערשוואומען...
ער טרייסט איהר נשמה, ער רופט איהר צו זיך,
ער בעט איהר צו איהם זאָל זי קומען.

עס שטורמט אין האַרצען ביי חנה׳ען אַ ווער,
זיך שווער מיט׳ן קבר צו שיידען!
און יוסף׳ל רופט איהר... איהר האַרץ בייגקט נאָך איהם..
עס דריקען איהר טויזענדער ליידען...

אַליין איז דאָרט יוסף... אַליין אין דער פרעמד...
עס ברענען איהר בייגקענדע פלאַמען...
און — ס׳דוכט איהר: פון קבר זאָגט שמואל צו איהר:
„געה, חנה, ער דאַרף דאָך אַ מאַמען!...״

* * *

אַן אַלטינקע זיצט אויפען שוועל פון איהר הויז
פון טיפע געדאַנקען געפאַנגען;
דאָס איז די אַמאָליגע חנה — זי טראַכט
פון יאָהרען, וואס זיינען פאַרגאַנגען.

איהר בליהענדער פנים — געוואָרען פאַרדאַרט,
איהר פרעהליכער שמייכעל פארשוואונדען;
די אויגען — פאַרלאָשען אין זיי איז דער פלאַם
וואָס האָט אַמאָל הערצער געצונדען!

צוטריקענט געוואָרען דער רייכער פאַנטאַן
פון יוגענדס באַצויבערטען גאָרטען,
און פון דעם קלאַוויר, וואָס האָט הערליך געשפּילט —
עס טראָגען זיך זיפצען פון דאָרטען...

זי טראַכט פון די יאָהרען וואָס האָבען פיל פרייד
און בלומען פון גליק איהר געגעבען;

עס שוועבען די בילדער, וואָס מאָהלען פאַר איהר
דעם פריהלינג און ווינטער פון לעבען...

עס שוועבען די בילדער פון פריהלינג... נאָר, אַך!
שוין אַלעס, שוין אַלעס פאַרלאָרען!
איהר קינדהייט, איהר יוגענד, איהר שמואל, איהר גליק —
פון אַלץ זיינען קברים געוואָרען!

פון אַלץ זיינען קברים געוואָרען, און... דאָ —
זי לעבט דאָ אין אַנדערע וועלטען;
דער שבת, דער יום טוב, די תפילות, די שוהל —
עס טראָגען פון אַלעס זיך קעלטען...

דאָ זיינען גאָר אַנדערש די מענשען, די גאַס...
דאָ לויפען גאָר שנעלער די יאָהרען!
און יוסף אפילו... ער איז צו איהר גוט,
דאָך, ער איז אויך אַנדערש געוואָרען...

זי זיצט און עס דריקט איהר אַן אומעט, א וועה,
עס וועהטאָגט איהר יעדוועדער אבר;
עס טראָגט זיך איהר זעעלע אַהין, דאָרט, אַהיים —
זי בייִנקט נאָך דעם הייליגען קבר...

## מיין ליבסטעם ענטפער.

ביינאכט, ווען די מענשהייט איז מיד און פארשלאפען,
און שטיל איז די גאנצע נאטור;
ווען אלץ איז פארוויגט ווי אין זיסעסטען דרעמעל,
דאן זעה איך איהר שטאָלצע פיגור.

זי קומט, ווי א געטין, פון העכערע וועלטען,
וואו אלעס איז פרעהליך און פריי;
וואו אלץ איז באדעקט מיט די גרין־רויטע דעקע
פון הערליכען, גלענצענדען מאי.

זי קומט אין מיין צימער פאַנטאַסטיש געקליידעט,
  און פרעגט מיך מיט זאָרג וואָס מיר פעהלט,
און פרעגענדיג ציהט זי אַ פאָרהאַנג פאַנאַנדער,
  און ווייזט מיר איהר היים און איהר וועלט.

איך זעה דאָרטען טרוימען, פאַנטאַסטישע בילדער,
  געציהרט מיט דעם הערליכסטען קראַנץ —
איך זעה דאָרט מיין האָפען, איך זעה דאָרט מיין שטרעבען,
  פאַרווירקליכט אין אייביגען גלאַנץ.

מיין האַרץ הויבט אָן שטורמען, עס רייסט זיך מיין זעעלע,
  אַהין, דאָרט וואו אייביג איז גרין —
איך בעט זי, די געטין, זי זאָל מיך דאָרט נעהמען,
  זי זאָל מיט מיר פליהען אַהין.

דאָך אומעטיג שטעהט זי און בליקט ווי מיט טרויער,
  און ס'הייבט זיך איהר ברוסט אזוי ווילד —
און זיפצענדיג לייגט זי איהר האנד אויף מיין שטערן,
  און זאָגט צו מיר פריינדליך און מילד

„מיין וועלט איז דיר אָפען עס ליבט דיך מיין זעעלע,
  עס פינקעלט פאַר דיר אויך מיין קרוין!
דאָך, פליגלען, מיין ליבער, אַהין, דאָרט צו פליהען,
  דאָס מוזטו זיך שאַפען אליין!..."

## די צוויי סטרונעס.

עס גיבען צוויי סטרונעס אין הארצען,
וואס שפילען אין צוקונפט אריין ;
זיי זיינען די שיצער פון לעבען,
זיי זיינען די היטער פון „זיין".

האָפען און שטרעבען — דאָס זיינען
די גאָלדענע סטרונעלאך צוויי,
און וועה איז דאָס מענשליכע לעבען,
ווען איינע צורייסט זיך פון זיי!

# דאָס אייביג ווייטע.

עס שטעהט זיך דער יונגלינג ביים ריזיגען באַרג,
אונ וואַרפט אויף איהם פאַרשענד זיין בליק;
ער בליקט אין דער הויך, און ער מורמעלט גאנץ שטיל:
„ווי גרויס אַך, וואָלט זיין דאַן מיין גליק,
ווען איך וואָלט דערגרייכען דעם שפּיץ פון דעם באַרג —
אַך! וואָלט איך דאָרט קענען נאָר זיין —
איך וואלט מיט די הענד דאַן דעם הימעל דערגרייכט,
איך וואָלט דאַן אין הימעל אַריין..."

* * *

גאַנץ הויך, אויפ'ן שטאָלצען און ריזיגען באַרג,
וואס איז ווי מיט הימלען געקרוינט —
דאָרט שטעהט זיך דער יונגלינג געבויגען דעם קאָפּ,
און טרויערט און מורמעלט פארוויינט:
„נון שטעה איך שוין הויך אויף דעם שפּיץ פון דעם באַרג,
דאָך, וואו איז פון הימעל די טיר?...
איך בין פון דער ערד אַזוי ווייט, אזוי הויך!
נאָך העכער דער הימעל — פון מיר!..."

# האָפענונג.

א דינינקער פּאָדים — פון לעבען דער קנייט;
פון גאָרניט מיט גאָרניט צוזאַמען געדרעהט,
און לאָזט איהר דעם פּאָדים א ווײַלע נאָר אָפּ,
דאַן פאַלט איהר אין אָפּגרונד ווי שטיינער אראָפּ.

* * *

שעצט איהר די האָפנונג, איהר צויבער, איהר פּראַכט,
באַזעעלט אייער זעעל׳ און באַלעבט אייער מאַכט,
און דאַן, ווען עס שלאָגט שוין די לעצטע מינוט,
דאַן קומט זי און טרייסט אייך, און גיט אייך נאָך מוט.

## געזאַנג פון טוידט.

„איך בין דער קעניג פון דער ערד!
איך האַלט ענטבלויזט מיין בלאַנקע שווערד;
און וואו איך געה, און וואו איך קום —
דאָרט מאַך איך אלעס שטיל און שטום;
דעם פיש אין ים, אין וואַלד דעם בוים,
דעם פויגעל אין דעם העכסטען רוים,
דעם פייגלינג ווי דעם מענשען־העלד,
די שעהנסטע, ליבסטע בלום אין פעלד;
און אויך דעם וואָרעם, טיף אין דר'ערד,
דערגרייך איך מיט מיין בלאַנקע שווערד!

„איך האָב קיין האַרץ, מיך ריהרט קיין טרעהר!
איך טו אַלץ פריי, לויט מיין באַגעהר;
איך רייס, איך שנייד, איך צופּ, איך שעכט —
דאָך קיינער האָט מיין קרוין פארשוועכט...
איך פיהל קיין קרעכץ, קיין זיפץ, געוויין,
איך האָב קיין האַרץ, איך בין, ווי שטיין,
און בין דער הערשער פון דער וועלט —
פאר מיר איז קיין זאך ניט פאַרשטעלט,
מיין מאכט איז גרויס, מיין פליגעל — ברייט...
הוררא! הוררא! איך בין — דער טוידט!"

## זונעו ווערען ניט פארלאָשען.

נאַכט ! דער הימעל איז פאַרצויגען
מיט אַ דיקע, שווארצע דעק,
און דער וואַלד, מיט זיינע סודות,
ווארפט אַרויף אויף מיר אַ שרעק.

ווארף מיין בליק אין הויכען וועלט רוים,
דאָך, איך קריג קיין טרייסט דערפון ;
און איך מורמעל אין פארצווייפלונג :
אויסגעלאָשען איז די זון !

און אַ שטימע, הויך און קלינגענד,
הער איך פלוצלונג פון דער ווייט :
„זוננען ווערען ניט פארלאָשען —
שטראַהלען ווען עס קומט די צייט.”

## דער מענש.

אַ קינד אַזוי שנעל ווי עס ווערט נאָר געבאָרען,
דערהערט מען שוין באלד זיין געשריי ;
די עופה׳לע רוהט ניט פון כעס, און פון צאָרען,
און, זעהט נאָר, וואָס שרייט זי אַזוי ?

עס העלפט ניט דער וויגען, די זיסע געזאַנגען,
די בייבי, פאַרלאַנגט וואָס איהר פעהלט!
זי פיהלט אינסטינקטיוו שוין דאָס רעכט צו פאַרלאַנגען,
צו לעבען, געניסען די וועלט.

* * *

זעהט דאָרט אין איינגען, און שמוציגען צימער
אַן ארבייטער עלענד, פאַרשמאַכט;
זיין האַרץ איז פאַרביטערט, אַט היינט פונקט ווי אימער,
זיין פנים איז פינסטער, ווי נאַכט.

צובראָכען, צושטאָכען זיין יעטוועדער אבר,
דאָך שקלאַפט ער אין היץ און אין קעלט,
און דאָרטען, אין לעבעדיג-שמוציגען קבר,
פאַרברייינגט ער זיין לעבען, זיין וועלט!

* * *

אַך! ליידענדער, ליידענדער, דו אַלס אַ קינד נאָך,
דאַן האָסטו געפאָדערט דיין רעכט,
און איצט אַלס אַ מאַן, שוין מיט קראַפט, און מיט שכל —
איצט ביסטו געדולדיג אַ קנעכט!

# ווערטער.

ניט די שעהנע ווערטער, פריינדין,
דארפען נאָר די ראָלע שפּילען;
ווערטער זיינען בלויז די שיידלאך
פאר געדאנקען און געפיהלען.

אין די שעהנע, רייכע ווערטער,
קען מען אָפט מאָל גיפט געפינען,
און אין פּראָסטע ווערטער — דאָרטען
ליגען זעהר אָפט רובינען.

## צו אַ פרײנד.

פאַרצװײפעלט זײן און װײנען איצט ?
ניטאָ, מײן פרײנד, אין דעם קײן זין ;
באטראכט : די פעלדער זײנען גרין
און לײכט באַדעקט מיט זילבער־טױ ;
און זעה : דער הימעל צאַרט און בלױ
און איז מיט צױבער־גלאַנץ באשפּריצט ;
און פיהל די לופט איז פול מיט דופט,
און לעבען זינגט און לאַכט און רופט.

פאַרצװײפעלט זײן און װײנען גאָר —
אָה, קום, מײן פרײנד, אין װאַלד אַרײן,
װאו אַלעס גלאַנצט אין גאָלד'נעם שײן,
און אַלעס קלינגט אין צױבער־קלאַנג,
אין בלעטער־רױש, אין בױם־געזאַנג,
אין מורמעל־װינד, אין פױגעל־כאָר ;
און יעדער קוסט װעקט לעבענס־לוסט
און שטראָמט אַרײן פּערפיום אין ברוסט.

## דו זיפצסט אויף דעם וואָס דו ביסט גרוי ?

דו זיפצסט אויף דעם וואָס דו ביסט גרוי ?
ניטאָ אין דעם קיין זין !
דאָס זאָל, מיין פריינד, ניט אַרען דיך,
אַבי דאָס האַרץ איז „גרין"!

און ווען ס'איז „גרין" אין האַרצען נאָך,
דאַן מעגען ווייסע האָר
זיין ווייס ווי שנעע — זיי זיינען דאַן
ווי ווייסע בליהונג גאָר...

## די שטראָף.

און ס'האָט געזאָגט צו מיר דער גרייז:
„דו האָסט גאָט'ס ווארט פארלאכט, פארשפּאָט;
דיין שטראָף איז שווער — איך קום אצינד
און ברייננ פאר דיר די שטראָף פון גאָט.

„זאָלסט לעבען רייך, זאָלסט ווערען אַלט,
און וואָהנען אין פּאלאַסטען שעהן,
נאָר אייביג זאָל דיין הארץ זיין יונג,
און — זאָל אין בייִנקעניש פארגעהן."

# ער...

**ער זאָגט מיר:** די וועלט האָט איהם לאַנג שוין
אלס גלענצענדען שטערען באַטראַכט.
אויב יא, האָט די וועלט אין איהם אימער
אַ ריזיגען טעות געמאַכט.

וויל גרוים איז אַ שטערען פון נאָהנט נאָר,
פון ווייטען — אַ פונק בלויז, און שעהן;
דאָך, ער קוקט אוים גרוים פון דער ווייטען,
פון נאָהנט איז ער העסליך און קליין...

# אינהאַלט:

| | |
| --- | --- |
| | זייט |
| צו א בייבי | 147 |
| קינדער טרעהרען | 150 |
| א בייבי | 153 |
| דאָס אייביג לעבענדע | 156 |
| די אונשולדיגע מערדערין | 159 |
| עופה'לעס טרוים | 166 |
| דאָס נייגעריגע קינד | 171 |
| צו א קליינע מיידעלע | 174 |

## צו א בייבי.

שלאָף זיך, מיין ליבענקע, שלאָף אין דיין רוה;
מאַך דיינע בלויענקע אויגעלאך צו;
זים איז דיין דרעמעל, פון זאָרגען — נאָך ווייט!
איצט איז צום שלאָפען דיין טייערסטע צייט.

שלאָף זיך, מיין ליבענקע, שלאָף ליבעס קינד ;
דו ווייסט נאָך קיין פאַלשקייט, דו קענסט נאָך קיין זינד.
ליב איז דיין שמייכעל און שעהן — דיין געצעלט ;
וואַרהייט דיין מינע, און טרוימען — דיין וועלט.

שלאָף זיך מיין טייערע, איצט איז דיין צייט,
שפּעטער, אָה שפּעטער, ניט אימער ווי היינט׳ !
אָנפאַנגען שפּעטער צו לעבען ? — אָה שווער !
בייבי, דאַן שלאָפט זיך שוין רוהיג ניט מעהר.

די טרוימען פאַרשווינדען, דאָס גוטעס פאַרגעהט ;
עס קומען אַן צייטען פון זאָרגען און נויט ;
עס ווילט זיך דאַן שלאָפען און טרוימען זיך פריי —
עס לאָזט ניט, מען קען ניט, די צייט איז פאַרביי.

די גליקליכע קינדהייט, מיין קינד, וועט פאַרגעהן
און שטורמיש וועט קומען די צייט פון פאַרשטעהן,
דאַן אָה, מיין בייבילע, הויבט אָן דאָס האַרץ
צו שפּירען, צו פיהלען פון ליידען, און שמאַרץ.

זעה נאַר, מיין ליבענקע, קוק זיך דאָרט אום,
ווי קליינינקע קינדערלאַך לויפען אַרום,
באָרוועס און נאַקעט, מיט „פּייפּערס״ ביין זייט.
דאָס יאָגט זיי, דאָס טרייבט זיי דער עלענד, די צייט.

צוריסען, צופראָרען, פאַרהונגערט, פאַרשמאַכט,
זעה, לויפען זיי טעגליך פון פריה ביז ביינאַכט
מיט פּנים'לאך בלאַסינקע — בלאַס ווי דער טוידט —
זיי לויפען מיט „פּייפּערס" פאַרדינען אויף ברויט!

אַך! עלענדע קינדערלאַך, עלענד, ווי שטיין,
זיי דאַרפען שוין זאָרגען, פאַרדינען אַליין;
זיך פּלאגען, און ליידען אין שטורם, אין ווינד —
אָט דאָס איז דער „שפּעטער", מיין ליבליכעס קינד!

מען קלינגט מיט די גלאָקען; מען לויפט ווי אָהן זין;
מען טרייבט שנעל די רעדער; מען יאָגט די מאַשין;
מען ברענט זיך, מען שטיקט זיך אין רויך, און אין דאַמף —
אָט דאָס איז, מיין בייבי, פון לעבען דער קאַמף.

און די, וואָס דו זעהסט דאָ, וואָס ליידען אָהן צאָהל,
אויך זיי האָבען גליקליך געדרעמעלט אַמאָל —
איצט קען זיך ניט דרעמלען, נאָר — אַרבייט געשווינד!
אָט דאָס איז דער „שפּעטער", מיין ליבליכעס קינד.

וועסט ווערען נאָר עלטער, וועסט וויסען, וועסט זעהן,
אז איצטיגער טרוים איז דיין בעסטער געווען.
טאָ שלאָף זיך, מיין קינד — ביסט פון זאָרגען נאָך וויים,
איצט איז צום שלאָפען דיין טייערסטע צייט.

## קינדער טרעהרען.

(מיין טאָכטער רחל געווידמעט)

אָנגעטרונקען מיט פּערפיומען,
קומסטו איצט, דו פרייער ווינד;
קומסט געווים פון בלומען־פעלדער,
האָסטו דאָרט געזעהן מיין קינד?
דאָרטען, אויף די גרינע לאָנקעס,
איינגעהילט אין זוננען שיין —
דאָרטען דארף מיין קינד זיך שפּילען,
דאָרטען דארף מיין קינד איצט זיין.

ווי רובינען, ווי ברילאַנטען,
שפּיגעלט זיך איהר בילד פאַר מיר;
און מיט כוחות פון אָרקאַנען,
רייסט זיך איצט מיין הארץ צו איהר.
טראָג מיך, ווינד, אָה! טראָג מיך שטירמיש
דאָרטען, דאָרטען צו מיין קינד.

— — — — — — — — — — — —

און מיט צערטליכקייט, און ליבע
האָט געענטפערט שטיל דער ווינד:

„כ'קען ניט דיין קינדעלע,
ווייס גאר איהר נאָמען ניט,
אָבער א מיידעלע
האָב איך געזעהן;
זינגענדיג, לאַכענדיג
איז זי געלאָפען דאָרט,
שעהן, ווי א מלאך'ל,
איז זי געוועזן.

„לאָקענדלאך גאָלדיגע,
האָבען געוואָרפען זיך
אויף איהרע שולטערלאך,
ליבליך און פריי;
און איהרע בעקעלאך,
בליהענדע, גליהענדע,
זיינען געוועזען ווי
בלומען אין מאי.

„איז זי געלאָפען דאָרט
פּאָפּאַ באגעגענען;
פרעהליך געטראָגען איהם
בלימעלאך פיל;

איז אָבער פּאַפּאַ, צו
איהר ניט געקומען דאַן,
איז זי געוואָרען
פאַראומערט, און שטיל.

„און אין די אויגעלאך —
טרעהרען צוויי בלישטשענדע,
האָבען זיך פּלוצלינג
באוויזען אין זיי;
האָב איך באַהאַלטען זיך
אין איהרע לאָקען, און
האָב אָפּגע׳גנב׳עט,
די טרעהרעלאך צוויי.

„איצטער... דאָס אייל איך מיר,
טראָג זיי אין הימעל-רייך,
דאָרטען זיי פּאַסען
אין קרוין דער נאַטור;
ווייל פון די קינדערשע
רייניגקע טרעהרעלאך,
ווערען באַשאַפען
מלאכים׳לאך נור.״

# אַ בייבי.

אַ בייבילע, אַ בייבילע —
זאָגט, ווייסט איהר וואָס דאָס איז?
דאָס איז אַ פריידען־מלאך'ל
פון הימעל פּאַראַדיז;
דאָס איז אַ פריידען פייגעלע,
פון ליבעס רייכסטען זאַל;
דאָס איז די שעהנסטע בלימעלע
פון לעבענס בלומען טאָל!

אַ בייבילע — ווי שעהן זי איז,
ווי הימליש איז איהר פּראַכט —
אָט זעהט, דאָ זיצט אַ בייבילע,
זי שפּילט זיך און זי לאַכט.
די אייגעלאַך, איהר מינעלע,
באַגאָסען פול מיט חן;
די הענטעלאך, די פיסעלאך —
ווי ליב און וואונדער שעהן!

זי זיצט זיך אין איהר וויגעלע,
אין רייכען פריידען-קוואל;
זי רוהט ניט איין, זי צאַפּעלט זיך,
זי שפּילט זיך מיט א שטראַהל;
זי שפּילט זיך מיט א זונען שטראַהל,
וואס פאַלט פון הימעל, גלייך
ארונטער אין איהר וויגעלע —
אין בייבים הימעל-רייך.

זי זיצט זיך אין איהר וויגעלע,
ווי ליב איז איהר געמיט!
די בייבי איז זיך גוט און זאַנפט,
זי וויים פון שלעכטעס ניט.
זי מאַכט א זיסע מינעלע,
זי ווינקט, זי גיט א לאַך;
זי שפּילט זיך מיט די פינגערלאַך,
און — דאָס איז בייבי-שפּראַך!

און זעהט דאָרט זיצט א מוטער'ל,
נאָך יונג, דאָך האָט קיין מוט;
זי אָטעמט שווער, עס דריקט איהר וואָס,
זי פיהלט געווים ניט גוט!

עס דריקט געווים אין הארצען איהר
א טיפער וועה און פיין —
דאך טראגט איהר צו איהר בייבילע,
זי וועט שוין מונטער זיין.

זי נעהמט איהר אויף די הענד ארויף,
מיט פרייד און לעבענס-לוסט;
זי קושט איהר אן, זי רעדט צו איהר.
און דריקט איהר פעסט צום ברוסט.
און בייבים קליינער קערפער׳ל —
ער צאפּעלט זיך פון פרייד;
און זי, די מוטער קריינקליכע,
פארגעסט אן איהרע לייד!

* * *

א בייבילע, א בייבילע,
אה, ווייסט איהר וואס דאס איז?
דאס איז א פריידען-מלאך׳ל,
פון הימעל-פאראדיז;
דאס איז א פריידען-פייגעלע,
וואס מאכט פארגעסען שמארץ —
די בייבילאך, זיי בויען אויף,
א הימעל אין מיין הארץ!

# דאָס אייביג לעבענדע.

אַה ! פיהר מיך, פריינד, צו יענעם קבר.
אַה, קום, איך וועל דאָרט לאַנג ניט שטעהן ;
איך בין איצט שוואַך, איך בין איצט קריינקליך,
דאָך, אַך ! איך מוז, איך מוז דאָרט געהן !

איך מוז דאָרט געהן — איך קען ניט רוהען !
מיין האַרץ ווערט פול מיט וועה און ווינד,
אַט יעדעס מאָל, ווען איך דערמאָן זיך,
אָן איהר, דאָס אָרים, עלענד קינד.

דאָס אָרים קינד — ווי שווער זי ליידעט !
ווי אינערליך, ווי טיף איהר וועה !
אַך ! נאָך אין איהרע קינדער יאָהרען,
און ס'בלוטעט שוין איהר האַרץ אַזוי !

איהר יונגע האַרץ — אָה וועלט, ווי קלעגליך !
ווי מוז דיין זעעלע זיין פארשטווינט,

אז שוין אַ קינד, אַ צאַרטע קנאָספּ נאָך,
מוז שטענדיג זיצען דאָ פאַרוויינט.

זי וויינט, און וואַרפט איהר בליק צום הימעל,
און טרעהרען פאַלען אָהן א שיעור —
דער הימעל — הויך, און קאַלט, — די ערד, און —
די מענשען — קעלטער נאָך צו איהר!

קיין גוטען וואָרט, קיין פרייע מינע,
ניטאָ פאר איהר קיין פריינד אין נויט!
איהר פאָטער ליגט פון ווין באַטרונקען —
איהר גוטע, טרייע מוטער, טוידט.

די מוטער טוידט! — די פאָטער־ליבע,
פאַרשוואונדען, ווי דער מאָרגען־טוי,
און טרוימענד ליגט ער איצט געזונקען,
אין אָרעם פון אַן אַנדער פרוי.

ער הערט ניט מעהר זיין קינד'ס געשרייען,
איהם קימערט ניט זיין קינד'ס געוויין;
אָה, פיהר מיך, פריינד, אָה, פיהר מיך דאָרטען,
אַהין, צו יענעם קאַלטען שטיין.

אַהין, וואו ס'ליגט די טרייע מוטער
פון איהר וואָס ליידט דעם וועלטען־שטראָף —

איך וועל דאָרט צו איהר קבר פאַלען,
און וועקען איהר פון טוידטען שלאָף.

און זאָגען, אז איהר קינד איז עלענד,
און ליידט אוואו זי געהט און שטעהט —
איהר מוטער וועט איהר קבר רייסען,
און לויפען צו איהר קינד אין נויט.

איהר מוטער... אך !... נאָר וואָס ?... געשטאָרבען ?
איהר הארץ איז טוידט ? אָה ניין ! באַהיט !
א מענשען־הארץ קען אָפטמאָל שטאָרבען —
א מוטער־הארץ שטאַרבט קיין מאָל ניט !

אַ מוטער, ווען זי הערט נאָר קרעכצען
איהר קינד, פון אונטערן שווערען רוט ;
דאַן עפענט זיך איהר הארץ אין קבר,
און ס'טריפט פון דאָרטען הייסע בלוט.

* * *

אָה, פיהר מיך, פריינד, אָה, פיהר מיך דאָרטען,
דורך קעלט, דורך דונער, בליץ און ווינד —
איך וויל א מוטער געהן דערצעהלען
אז ס'וויינט איהר אָרים, עלענד קינד !

## די אומשולדיגע מערדערין.

אַה, קליינע, שעהנע מיידעלע,
אַה, זאָג מיר, ליבעס קינד:
איך זעה דיך אַזוי איילענדיג,
וואו יאָגסטו זיך אַצינד?
וואָס טראָגסטו דאָ אין קערבעלע?
דיין קערבעלע — ווי שעהן!
אַה, זאָג מיר, קליינע מיידעלע,
וואו ווילסטו איצטער געהן?

דאָס מיידעלע, דאס פרעהליכע,
באצויבערטע פון גליק,

האָט ווי מיט אַ פאַרוואונדערונג
דערלאַנגט אויף מיר אַ בליק;
און שטיל און זאָרגזאַם בליקענדיק
אויף דאָס וואָס זי פאַרמאָגט —
האָט באַלד דאָס קינד, דאָס פרעהליכע,
האַלב לאַכענדיג געזאָגט:

„איך בין געוועז אין וועלדעלע,
דאָרט אונטער יענעם בוים;
איך האָב געריסען בליהמעלאַך,
און טראָג זיי איצט אַ היים;
איך טראָג זיי צו מיין מאַמעלען,
איך גיב זיי מאַמאַ אָפּ,
און זי וועט זיי פאַרפלאַנצען באַלד
פאַר מיר אין בלומען־טאָפּ.

„איך וועל זיי שטענדיג מיטנעהמען,
אָט וואו נאָר איך וועל געהן;
איך וועל אויך אָפּט באַגיסען זיי,
זיי זאָלען בליהען שעהן.
איך וועל זיי לאָזען אויפוואַקסען...״
און פרעהלאַך אָהן אַ שיעור

איז באַלד דאָס קליינע מיידעלע
אַנטלאָפן שנעל פון מיר.

* * *

דער טאָג פאַרגעהט, די זון — זי פלאַמט,
זי וואַרפט אויף דר׳ערד איהר לעצטען שטראַהל!
זי נייגט זיך טיף, איך זעה איהר קוים —
עס דונקעלט שטאַרק אין גרינעם טאָל.

עס דונקעלט שטאַרק, און איך — איך געה!
איך געה פאַרטיפט און טראַכט פון איהר:
פון איהר, דאָס ליבע שעהנע קינד,
איהר בילד, מיר דוכט, עס שוועבט פאַר מיר!

מיר דוכט איך הער איהר זיסע שטים,
איהר זיסע שטים — פול קינדער-לוסט,
און יעדעס וואָרט באַריהרט מיין האַרץ,
און וועקט דאָס העכסטע אין מיין ברוסט.

עס וועקט צוריק מיין קינדהייט אויף,
מיין קינדער-פראַכט, מיין קינדער-גלאַנץ,
אָט, דוכט מיר, שטעה איך ווייט אין פעלד,
און פלעכט מיט פרייד אַ בלומען-קראַנץ.

איך לויף אהין, איך לויף אהער,
און בין באגייסטערט, בין באגליקט,
און אלעם וואס איך זעה פאר מיר —
פון אלעם ווער איך שנעל ענטציקט!

און ווער איך מיד, דאן רוה איך באלד,
דאן פלעכט איך בלימעלאך אהן שיעור,
און לויף מיט שטאלץ מיט זיי אהיים —
מיין מוטער שטעהט און ווארט אויף מיר!

זי שטעהט די ארעמס אויסגעשטרעקט,
און איך — איך פאל אין זיי אריין;
און זארגזאם, צערטליך פרעגט זי מיך:
„פון וואנען קומסטו, קינד דו מיין?

„וואס ביזטו מיד? וואס ביזטו בלאס?
אה, וועה, מיין קינד, דו אטעמסט שווער!"
און צערטליך דריקט זי מיך צום ברוסט,
און גיסט אויף מיר א הייסע טרעהר.

א מוטער-טרעהר, א מוטער-הארץ —
ווי לאנג איז זייער לעבענס-שנור!
א מוטער-טרעהר, א מוטער-הארץ —
די שעהנסטע ווערק פון דער נאטור!

אַ מוטער־האַרץ... נאָר אַך, ווי ווייט!
ווי ווייט איז יענער זיסער טרוים!
מיין קינדער־גלאַנץ, מיין קינדער־פּראַכט —
צופלאָסען ווי דער זילבער־שוים!

איך שטעה און בליק... איך זעה דעם וואַלד,
אין גרינעם, פרעכטיגען קאָליר;
איך זעה דעם באַרג, איך זעה דעם טאָל —
דאָך, וועה! ווי אַלץ איז ווייט פון מיר!...

ווי אַלץ איז ווייט, ווי אַלץ איז שטיל!
מיין פריידען־ים — ער שטראָמט ניט מעהר!
און עלענד שטעה איך איצט און בליק,
און פיהל, מיך דריקט אַ הייסע טרעהר.

איך שטעה און בליק... און איך בין מיד,
און איך בין מאַט — איך האַלט זיך קוים;
און מאַכטלאָז פאַל איך, ווי אַ שטיין,
און ליג, און טראַכט, און שלאָף און טרוים:

— איך זעה פאַר מיר אַ בלומען וואַלד,
און אויף אן איינזאם שטילען אָרט,
דאָרט ליגען יונגע בלומען פיל,
זיי ליגען אויסגעריסען דאָרט.

זיי ליגען בלאַס, זיי ליגען טוידט,
און זיינען האַלב צוטראָטען שוין;
און איבער זיי — דאָרט שטעהט אַ גרייז,
און רעדט מיט טרויער און געוויין:

„די בלומען ליבליכע, די בלומען טייערע,
זיי האָבען קוים וואָס נאָר די וועלט ערבליקט;
די יונגע בלימעלעך — ניט לאַנג געבאָרען נאָך,
און ליגען יונגערהייט שוין אָפּגעפּליקט!

„די מוטער ערד האָט זיי מיט פרייד געהאָדעוועט,
זי האָט זיי אויסגעהיט פון יעדען וועה,
און צאַרט און מוטערליך צום הארצען דריקענדיג,
האָט זי מיט ליבליכקייט געזאָגט צו זיי:

„איהר קינדער שעהנסטע מיין, איהר אירדיש-הימלישע,
איהר אייביג דופטענדע מיט פרייד און לוסט;
עס איז נאָך קאַלט אַצינד, אין דרויסען שטורמט נאָך,
נו, ליגט, געליבטע מיינע, אויף מיין ברוסט!

„דער פריהלינג ליבליכער, ער וועט שוין קומען באַלד,
און אַלעס ברייגגען אונז, וואס אונז געפעלט.
איך וועל אייך אָנטאָן דאַן, איך וועל אייך אויספּוצען,
און וועל אייך וועיזען פאַר דער שעהנער וועלט.

„די מענשען פריינדליכע, זיי ליבען צערטליכקייט,
זיי ליבען אַלעס, וואָס איז גוט און שעהן;
זיי וועלען שעצען אייך, זיי וועלען ליבען אייך,
און וועלען פּאַסען אייך אין גייסטער־קרוין.

„נו, איז דער פריהלינג שוין געקומען הימעל־רייך,
און ליבליך האָט זי זיי שוין אָנגעקליידט,
און האָט געוואונשען זיי — דאָך וועה, די בלימעלאך,
זיי ליגען בלאַסע שוין, זיי ליגען טוידט!

„דער שטראַהל דער גאָלדענער, דער מילדער זונענשטרהל
וואָס האָט מיט ליבליכקייט זיי אָפּט באַשטראַהלט,
ער וועט שוין קומען באַלד, און זאָרגזאַם זוכען זיי,
און וועט געפינען זיי — זיי ליגען קאַלט!

„און פריהלינג׳ס ווינטעלע, דער מילדער, פרעהליכער,
וואָס האָט מיט ליבע זיך מיט זיי געשפּילט,
אויך ער וועט קומען באַלד — דאָך וועה, די בלימעלאך,
אויף אייביג ליגען זיי שוין איינגעשטילט!

„זיי ליגען בלאַסע שוין, אין שלאָף דעם אייביגען,
זיי ליגען טוידטע שוין — ווי טיף דער וועה!
און זי, די מיידעלע, דאָס יונגע פריידען־קינד,
אַך, זי האָט אונשולדיג ערמאָרדעט זיי!"

## עפה'לעס טרוים.

אין וויגעלע ליגט זיך א פיצעלע קינד;
זי צאפּעלט זיך, רוהט ניט, באוועגט זיך געשווינד;
זי שפּילט זיך מיט שטראהלען, און פינקלענדען שיין,
און שפּילענדיג שלעפערט די עופה'לע איין.

זי שלאפט, און זי חלום'ט א זיסינקען טרוים,
אז דארטען, פון הויכען, פון הימלישען רוים,
פליהט פרעהלאך א מלאך'ל שטראהלענד פון גליק,
און ווארפט איהר פון וייטען א צערטליכען בליק.

און עופה׳לע שמייכעלט, און ווינקט איהם און רעדט,
און שטעלט איהרע הענטעלאך אויס מיט געבעט,
און פלוצלונג... די עופה׳לע זאָגט מיט געוויין:
„אָה, מלאך׳ל, קום דאָ, איך בין דאָ אליין.״

און באַלד קומט דער מלאך אַרונטער צו איהר,
מיט קערבעלאך דופטענדע בלומען, אָהן שיעור;
און שטעלט זיך ביים וויגעל, געבויגען דעם קאָפּ,
און ווישט איהרע רייניגקע טרעהרעלאך אָפּ.

און גלעט זי ביים קעפּעלע, נעהמט זי אַרום,
און האַלזט זי און קושט זי, און גיט איהר אַ בלום:
און זאָגט איהר: „אָה קליינינקע, שעהנינקע מיין,
וועסט לעבען, וועסט ליבען, וועסט גליקליך נאָך זיין.

„און ווייסטו, מיין ליבע, פון וואַנען איך קום?
פון וואַנען איך האָב דיר געבראַכט אָט די בלום?
איך קום איצט פון הימלען, פון גלאַנץ און פון פּראַכט,
און האָב דיר פון דאָרטען די בלומען געבראַכט.

„דאָרט בין איך אין הימלען די שעהנסטע געוועזן,
און יונגע נשמה׳לאך דאָרטען געזעהן;
זיי האָבען זיך פריי אין די הימלען געשוועבט,
אין קליידער פון ליכט, און פון שטראַהלען געוועבט.

„זיי האָבען זיך אַלע דאָרט גליקליך געפיהלט,
און אַלע צוזאמען זיך לוסטיג געשפּילט,
און — פלוצלונג האָט איינע באַמערקט מיט אַ וועה,
אַז דו ביסט שוין מעהר גאָר ניטאָ צווישען זיי!

„און באַלד האָט אַ שטורם פון עלענד געוועיהט,
און אַלץ איז געוואָרען אין טרויער געקליידט,
און אַלץ האָט געיאָמערט, און אַלץ האָט געטרעהרט,
און — פלוצלונג האָט באַלד זיך אַ בת־קול דעהערט:

„יונגע נשמה׳לאך, הייליגקייט׳ס הייליגטום,
שטאַלץ פון מיין אייביג אונענדליכען רייך,
הערט אויף צו טרויערען, גיסט מעהר קיין טרעהרען — איך
קען ניט פארנעמען די טרעהרען פון אייך.

„פרעהליך און גליקליך איז יענע נשמה׳לע,
באָדט זיך אין ליבע, און גאָלדענעם שיין;
גרויסקייט, און ליבע, און פריידע ערוואַרטעט זי,
ליכטיג, און פרעהליך, וועט אייביג איהר זיין,

„אייביגער פריהלינג וועט זיין אין איהר וועלטען־רייך,
אייביגער מאַי וועט באַקרוינען איהר קאָפּ;
זיילען פון גליקליכקייט וועט זי — נאָר הימלישע,
בליקט אויף דער מענשען־וועלט אונטען אַראָפּ.

„דאָרט אין דער מענשען־וועלט, אייביג פאַריאָמערטע,
דאָרטען, וואו אלץ איז באַדעקט מיט אַ טוי
פון אייביגען טרויער, און אייביגען עלענד — דאָרט
לעבט זיך אן אָרימע, עלענדע פרוי.

„שווער איז איהר לעבען דאָרט, פינסטער און טרויעריג,
אימער אין אָרמוטה פארברייינגט זי איהר וועלט ;
זומער פאַרברענט איהר די היץ אונערטרעגליכע,
ווינטער — די בייזע, די גרויזאמע קעלט.

„וואַנדערט אָפט הונגעריג, מיד, און צובראכען, און
דאָך איז זי פריינדליך און ליבליך און גוט ;
זוכט נאָר צו לינדערען שמערצען פון ליידענדע,
פלאַנצט אין די הערצער זיי שטרעבען און מוט.

„זעהט זי אַ קראַנקען וואו, שטעהט זי ביין בעטעל שוין,
וועקט אין זיין זעעלע נאָר לעבען און לוסט ;
מענשען געפאַלענע טוליעט זי, טרויסט זי נאָך,
וויסטע יתומים׳לאך דריקט זי צום ברוסט.

„דריקט זיי צום הארצען צו, רעדט צו זיי מוטערליך,
היט זיי פון שרעק, און יתום׳אישען גרויל ;
קוויקט זיי מיט ליבע, מיט צאַרטקייט, די הערצעלאך,
טיילט זיך מיט זיי יעדען ביסען פון מויל.

„אַמאָל אָבער פלעגט דיזע אָרימע, עלענדע,
זיצענדיג שטיל אין איהר צימער אַליין,
ערהויבען די אויגען צום הימעל מיט ביינקשאַפט, און
אויסברעכען אָפט אין אַ שטילען געוויין.

„זי פלעגט ניט באַוויינען איהר פינסטערען לעבען, זי
פלעגט ניט באקלאָגען די שמערצען אָהן צאָהל;
זי האָט נאָר געהאט אן איין איינציגען וואונש, אַז
א קינד זאָל איהר רופען נאָך „מאַמע" אמאָל!...

„און יעדוועדער זיפץ, האָט צושווידערט מיין הימעל-רייך,
יעדוועדער טרעהר פלעגט דערגרייכען צו מיר;
דאן האָב איך די ליבסטע, די שעהנסטע נשמה'לע
אלם אַ מתנה געגעבען צו איהר.

— — — — — — — — — — — — —

און שטיל איז געוואָרען, און ס'האָבען דערפרעהט
זיך אַלע נשמה'לאך לוסטיג צושפרייט
אין הימלישע גערטנער, און האָבען געפליקט,
די הערליכסטע בלומען און — דיר זיי געשיקט..."

# דאָס נייגעריגע קינד.

„זעה נאָר, פאָטער, דאָרט אין הימעל,
ברענט אַ גרויסער, רויטער פייער,
און ער ווארפט אזוי פיל שטראַהלען
דאַ אויף אונזער ערד אראָפּ!
ברענט דער פייער, איז דאַן ליכטיג
איבעראַל, אַט וואו מען בליקט נאָר,
קוים פארגעהט ער — דאַן ווערט דונקעל,
דאַן ווערט פינסטער אויף דער ערד.
זאָג מיר, פאָטער, זאָג מיר, גוטער,
יענעם פייער ווי מען רופט?

„כ'האָב געהערט פון פיל דערצעהלען
אז ביי אונז, דאָ, אויף דער ערד איז
דאַ אַ זאַך, מען רופט עס „ליבע",
אייביג, אייביג איז זי שעהן!
אייביג, זאָגט מען, איז דאָרט ליכטיג —
דאָרטען, וואו נאָר זי געפינט זיך,
אָבער דונקעל, קאַלט און קלעגליך,
דאָרטען, וואו זי איז ניטאָ.
איז דאָס „ליבע" יענער פייער?"
— ניין מיין קינד דאָס איז די זון!

„און ווען דיזע „זון" געהט אונטער,
ווערט דאן פינסטער — און אין הימעל
שטייגט אַרויף אַ צווייטער פייער —
איז אויך רונד און מילד — נאָר בלאַס.
און אויף איהם איז אפּגעזיגעלט
ווי דער פּנים פון אַ מענשען,
און ער וואַנדעלט, וואַנדעלט שווייגענד,
און פאַרגעהט דאָרט אין דער הויך!
איז דאָס ליבע" יענער בלאַסער?"
— דאָס איז די לבנה, קינד.

„און אָט דאָרטען, אויף אַ לאַנקע,
זעה איך שטעהט אַ קליינער בוימעל,
און אויף זיינע דינע צווייגלעך,
היינגען קוויטען אַלערליי;
און ער שטעהט דאָרט שטאָלץ און פריידליך,
אָנגעקליידט אין גרינע בלעטלאך,
און עס פאַלען פון איהם טראָפּענס,
און ווי רייך עס שמעקט פון איהם!
איז דאָס „ליבע" יענער בוימעל?"
— ניין, מיין קינד, דאָס איז אַ בלום!

„און — אָה, פּאַטער, וואָלט איך וויסען,
יענעם אָרט, אָט וואו די ליבע
שיינט און מאַכט אַלץ שעהן און פרעהליך —
אַך! ווי גוט מיר וואָלט געוועזן!
שטענדיג וואלט איך דאָרט געלאָפען,
זיך געשפּילט מיט איהרע שטראַהלען,
און — אָה, פּאַטער, זאָג מיר גוטער,
זאָג מיר, וואו די ליבע וואָהנט!"
— ווילסטו, קינד, די ליבע טרעפען?
זוך איהר אין דאָס מענשען הארץ!

„אין דאָס מענשען הארץ? — אָה, פּאַטער!
דאָרטען וואָהנט די שעהנע ליבע?
דאָרטען שיינט זי? — אַך, ווי ליכטיג,
אַך, ווי שעהן עס מוז דאָרט זיין!
אבער דאָך, איך האָב געהערט דאָ,
שוין דערצעהלענדיג פון פילע,
אז די אלע, אַלע מענשען,
האָבען גאָר קיין הערצער ניט!
איז דאָס אמת? — זאָג מיר, פּאַטער,
זאָג מיר, וואו די ליבע שיינט!

## צו אַ קליינע מיידעלע.

דו ביסט, ווי דיין נאָמען, שושנה —
א יונגינקע, צאַרטינקע בלום;
אַ רויז, וועלכע דופט אויך אין ווינטער
מיט לעבען און פריהלינגס פּארפיום.

און זעה איך דיין פּנים, שושנה,
דיין בליק און א שמייכעל אויף דיר,
דאַן ריהרט אין מיין הארץ זיך אַ סטרונע —
דאַן וועקסטו די קינדהייט אין מיר.

און הער איך דיך לעזען, שושנה,
און פיהל די נשמה'לע דיינ' —
דאַן דוכט מיר: אַ בלום זאָגט אַ תפילה,
און הילט אַלץ אין הייליגקייט איין.

## אינהאַלט:

| | |
|---|---|
| | זייט |
| ליבע און פליכט | 177 |
| מיין האַרץ | 186 |
| נאַכט בילדער | 188 |
| מיינע האָפנונגען | 194 |
| דער מאָרד אין וואַלד | 206 |
| אהין | 208 |
| א ביסעל געדאַנקען | 209 |
| די נערעכטיגקייט צו רוסלאַנד | 210 |
| קעמף און שטרעב | 212 |
| איך זעה זי אין חלום | 214 |
| שוין לאַנג | 216 |
| ווען | 217 |
| דאָס פאָלק | 218 |
| די זון | 221 |
| שלעכטע צייטען | 227 |
| דער שטורם | 229 |
| מיין חלום | 230 |

## ליבע און פליכט?

(פּאָעמא)

ווי דער העלד אין ווילדען שטורם,
ווי דער טיגער, פריי אין פעלד;
ווי דער אָדלער דורך דער וויסטע —
פליהט א יונגער, שטאָלצער העלד!

זעהט זיין מינע, שטאָלצע שטרייננקייט,
זעהט זיין פּנים — פלאַמט און גליהט;

אַלעס ברענט און אַלעס ציטערט,
אונטער זיינע שטאַרקע טריט.

פליהט, ווי שטורם — רוהט קיין ווײַלע,
און זיין ווילען — שטאַרק, ווי שטאָהל!
אַנגעגורט אין פייל און בויגען,
פליהט ער איבער באַרג און טאָל.

* * *

אין וואַלד, דאָרט ניט ווייט, פון אַ רוישענדען וואַסער'ל,
צווישען די יונגינקע בלימעלעך פיל;
צווישען די יונגע באַבלעטערטע בוימעלעך,
זיצט זיך אַ מיידעל פאַרטראַכט, און איז שטיל.

שעהן איז זי — זעלטענהייט, ליב — ווי די טוגענד, און,
אנגענעהם — גלייך ווי פון מאָרגען דער שיין;
צאַרט — ווי אַ בלימעלע, מילד — ווי די צערטליכקייט,
נאָר, עפּעס אומעטיג שיינט זי צו זיין.

רעדט גאָר קיין וואָרט צו מאָל, וואַרפט איהרע בליקען נאָר,
איבער'ן וואַסער'ל זאָרגזאַם און מיד;
וואַרפט איהרע בליקען ווייט, זוכט עפּעס נייגעריג,
און . . . עפּעס הערט זיך, זי זינגט זיך אַ ליד:

„מעגען די וואַסערען פליסען נאָך שטראָמיגער,
מעגען די טאָלען זיין טיף אָהן א שיעור —
מעגען די בערג זאַגאר, זיין ווי די וואָלקען הויך,
אייביג, געליבטער מיין, לעב איך פאַר דיר.

„מעגסטו פארשטויסען מיך, טיפער אין עלענדקייט,
מעגסטו פארלעשען דעם לעצטען געפיהל ;
אַלץ אָבער וועל איך געדולדיג פאַרטראָגען, און
דולדען די וועהטאָגען, וויינען גאַנץ שטיל.

„קום אבער האָסטו א האַרץ, וואָס קען פיהלען נאָך,
קום אָבער קענסטו נאָך פיהלען אַ שמאַרץ —
קום דאַן, געליבטער, מיין, קום צו מיר, עלענדער,
לעהן אַן דיין קאָפּ אויף מיין שטורמישעם האַרץ.

„קום — אויב אוים ליבע ניט, טו דאָס אוים מיטלייד דאָך,
קום, אויב עס גליהט נאָך רחמנות אין דיר.
און לעש, מיט די טרעהרען פון מיטלייד, דעם פייער,
וואס דו האָסט, געליבטער, געצונדען אין מיר.

„דאַן מעגסטו פארשווינדען צו איהר, דיין געליבטעסטער,
אייביג זיך טיילען מיט איהר דיינע פרייד.
און איך וועל פאַרגעהן דאָ, אין אייביגער עלענדקייט,
אייביגען קומערען, אייביגע לייד.״

* * *

עס שטומט דער וואַלד, די בוימער טרוימען,
עס וועהט אַן אומעטיג געפיהל ;
די צווייגען הייגגען שטיל אַרונטער,
די לופט איז ריין, די לופט איז שטיל.

דאָס וואסער רוהט, מען זעהט קיין שטראָמען —
ס'איז שטיל, מען הערט קיין רויש פון איהם.
און ענדליך, דורך די שטילע צווייגען,
ערקלינגט אַ הויכע טרויער־שטים.

די שטימע קלינגט און... אך !... פאַרביטערט,
ערשיינט דער העלד מיט זיין געוועהר,
און, ווי פאַרצווייפעלט, זיינע בליקען,
וואַרפט ער אום אַהין און הער.

ער קוקט זיך אום — און זיינע אויגען
פון הייסע טרעהרען דורכגענעצט.
און ווי א מידער, קלאַגענד, רופט ער :
„מיין ליבסטע !... אך, וואו ביסטו יעצט ?...

„וואו ביסטו ? זאָג, אָה, טרייע מיינע !
ווי שרעקליך דריקט אין מיר מיין האַרץ,

זייט כ'האָב איינזאַם דיך פאַרלאָזען,
אין טיפען קומער, טיפען שמאַרץ

„דאָך, קינד, פאַרגיב... פאַרגיב מיר, טרייע!
איך האָב קיין שולד ניט אין דיין וועה;
איך בין געוועזן דאַן, ווי פאַרצווייפעלט,
צווישען גרויסע פלאַמען צוויי!

„דיין ליבע האָט מיין הארץ געצויגען,
מיין זעעל געקניפּט מיט טרייהייטס באנד.
מיין פאָלק האָט וויינענד מיך גערופען,
באַפרייען איהם, פון שקלאַפען־שאַנד!

„מיין פאָלק... ווי שרעקליך איז געוועזען
זיין בייזער שיקזאַל — יאָמער, פיין!
און וואָלט איך דאַן דערשטיקט זיין שטימע,
אך! גליקליך וואָלט איך קיין מאָל זיין!

„ווען פרעהליך וואָלט איך פאַנטאַזירען,
פון ליבע, לעבען, פרייד און לוסט;
און טרוימענד אין דיין אָרעם ליגען,
און טרינקען פריידען אויף דיין ברוסט.

„דאַן וואָלט אַ שטים צו מיר געשריען:
פאַררעטער דו! אָהן האַרץ, געפיהל!
ווען דיינע ברידער קרעכצען, וויינען,
דאַן זיצסטו רוהיג, גליקליך, שטיל!...

„ווען דיינע שוועסטער, ברידער, שמאַכטען
אין קייטען פון דער טיראַניי;
און יונגע קינדער גיסען טרעהרען —
דאַן זיצסטו רוהיג, גליקליך, פריי!...

„אָה, ליבסטע מיין, ווי שמערצליך ביטער,
וואָלט קלינגען יענע שטים פאַר מיר!
און האַס, און פלוך, און עלענד וואָלטען
אויף אייביג קלאַפּען אין מיין טיר!

„און דיר אין איינזאַמקייט פאַרלאָזען?
פיליי‏כט אויף קיין מאָל זיך צו זעהן...
אָה, ליבסטע מיינע, טרייע מיינע,
ווי שרעקליך ס'איז דער פלאַם געווען!

„דאָך קינד... פאַרגיב... מיין פאָלק'ס געשרייען,
זיי האָבען אייביג מיך געדריקט;
מיין פאָלק האָט וויינענד מיך גערופען,
און ענדליך דאָך מיין האַרץ באַזיגט.

„איך בין אוועק — איך האָב געהאַפּט דאָן,
ווערסט ענדליך מיר פארגעבען דאָך —
איך בין אוועק צו מיינע ברידער,
באַפרייען זיי, פון שקלאַפען־יאָך.

„איך בין אוועק... דאָך איצט... ווי פרעהליך,
ווי מוטיג הויב איך איצט מיין בליק!
מיין פאָלק איז פריי, מיין פאָלק איז גליקליך,
און איך — איך קום צו דיר צוריק!

„מיין פאָלק איז פריי... מיט שטורם האָב איך,
געמאכט מיין פאָלק דיין לעבען זיס;
און אלע שרעקליכע טיראַנען —
צוטראָטען אונטער מיינע פיס!

„איצט קום איך פריי, איצט קום איך ווידער,
דיך, ליבסטע, דריקען שטאָלץ דיין האנד
אוןביידע וועלען מיר פאַרפליהען,
אַהין — אין יענעם וואונדער לאנד.

אַהין, וואו אייביג הערשט דער פריהלינג,
און אלעס גלענצט אין זונענשיין —
און לעבענס־קוואַלען פליסען פרעהליך,
און גיסען זיך אין האַרץ אַריין.

„אהין — דאָרט וועלען מיר פארשוועבען
אונ לעבען גליקליך, לעבען פריי.
אונ ווידער וועט דיין יוגענד בליהען,
אַט ווי די שעהנסטע בלום אין מאַי.

„אונ גלענצענד וועט דיין מאָרגען קומען —
„דיין העלער, שעהנער, פרייער טאָג,
אונ דורשטיג וועסטו פריידען טרינקען —
דאָך, ליבסטע, אַך !... וואו ביזטו ?... זאָג !...

„וואו ביזטו, זאָג... אָה, טרייע מיינע !
איך בין אין דיין געצעלט געוועזן.
איך האָב דאָרט אַלץ פארוויסט געטראָפען,
אונ דיך, מיין ליבסטע, ניט געזעהן.

„וואו ביזטו, אַך !..." אונ וויינענד געהט ער,
אונ רעדט פון „ליבע", רעדט פון „פליכט,
אונ ווי אַ דיקער שווארצער וואָלקען,
ליגט ווידער אויף דעם העלד'ס געזיכט.

ער געהט אַרום אונ בליקט פארצווייפעלט —
אונ מורמעלט שטיל : „ווי ליב אונ שעהן !
דאָרט פלעגט זי אין מיין אָרעם ליגען,
דאָרט פלעגען מיר שפּאַצירען געהן.

„דאָרט פלעגען מיר פון ליבע טרוימען,
פון גרינעם וואַלד און בלומען־פּראַכט ;
דאָרט פלעגען מיר זיך ליב און...״ פלוצלונג,
דער העלד האָט ווי פון שלאָף ערוואַכט.

ער בליקט פאַרטיפט און... לויפט מיט שטורם
אַהין — צו יענעם שטילען אָרט —
און שטעלט זיך אָפּ... און... פרעהליך רופט ער :
„מיין ליבסטע ? אך... ביזטו עס דאָרט ?

„אין גרינעם וואַלד ביין קלאָהרען טייכעל,
וואו ליבע פלעגט אונז טראָגען הויך —
דאָרט ליגסטו איצט און טרוימסט, געליבטע ?
דאָך וועה ! דיין פּנים... אַך, ווי בלייך !.

„דו טרוימסט געוויס, ווי דו וועסט ווידער,
זיין גליקליך אין די אָרעמס מיין ;
דו טרוימסט געוויס... נאָר טרוים, געליבטע !
דיין טרוים וועט באַלד פאַרווירקליכט זיין !״

און פרעהליך לויפט דער העלד מיט שטורם,
מיט זיינע אָרעמס אויסגעשפּרייט —
ער לויפט אַהין און... פאַלט, און קניעט דאָרט,
און — טרעפט זיין האַרץ־געליבטע, טויט !

# מיין הארץ.

מיין הארץ, מיין הארץ, זי טרויערט נאָר,
מיין הארץ, זי וויינט אין מיר!
איך האָב קיין טאָג, איך האָב קיין נאכט,
איך האָב קיין רוה פון איהר.

זי רוהט ניט איין, זי ברעכט מיין זעעל!
עס פריהרט מיין לעבענס מאַי!
אָה, זאָג מיין הארץ, וואָס איז מיט דיר?!
ווען געהט דער שמארץ פארביי?

עס רוישט, און עס שטורמט
אין הארץ — מיין הארץ,
זי רוהט ניט, זי רייסט זיך
מיט וועה, מיט שמארץ.
עס הערען זיך טענער
עס זשומט — א קלאנג
עס הוזשעט, עס הערט זיך,
געוויין, געזאנג:

„איך בין נאַטור׳ס אַ פאָנאָגראף,
איך קלינג די וואַרהייט אוים!
און וואס מען זינגט אריין אין מיר,
דאָס זינג איך טריי ארוים.

„דאָך צייג איך קיינמאָל פרעהליכקייט,
איך צייג קיין פריידען שפור,
און אימער זינג איך מיט געוויין —
ווייל, וויינען הער איך נור!

„און וואו איך קום, און וואו איך געה —
איך הער אַ טרויער קלאַנג!
דערפאר איז אימער דורכגעוועבט
מיט טרויער מיין געזאנג.

„דערפאר נאָר זינג איך טרויעריג
דאָס ליד פון וויסטען שקלאַף;
ער האָט געזונגען מיט געוויין,
און איך, אַלס פאָנאָגראַף,

„מוז זינגען מיט דעם זעלבען קרעכץ —
איך קען ניט זיין פארשטעלט!
איך גיב ארוים דעם טרויער-קלאנג,
פון אונזער קייטען-וועלט.״

# נאַכט בילדער.

אויסגעטאָן פון שווערען טרויער,
בין איך אויף מיין בעט געלעגען,
און געטראכט פון יענעם מאָרגען,
וואָס וועט ברייננגען מענשען גליק;
פון דעם מאָרגען, ווען די זונען
פון די העכסטע אידעאַלען,
וועלען צינדען לעבענס ליכטער,
אין דאָס דונק׳לע מענשען הארץ.

הויכע, רייכע פאַנטאַזיען
האָבען זיך געוועבט אין וואַרהייט,
און זיי האָבען, ווי מיט צויבער,
צוגעצויגען דאָרט מיין בליק;

און איך האָב געזעהן די בילדער
פון די הימעל-שעהנע וועלטען,
וואו די האָפענונגען מיינע,
זיינען שוין פאַרווירקליכט לאַנג.

לאַנגע, בלוטיג רויטע פאָהנען,
האָבען הויך, און ווילד געפלאַטערט,
און געוואָרפען זיי׳רע ברעגען,
אין די ווינקלען פון דער וועלט;
און די גלייכהייט האָט מיט יובעל,
אויסגעשפּרייט די שטאָלצע פליגלען,
און דער גלאַנץ פון ריינע ליבע,
האָט געשפּיגעלט זיך פאַר מיר.

ווי דער אָדלער, ווי דער שטורם,
איז מיין זעעלע שטאָלץ געפלויגען,
און דער גרויסער פריידען-פייער,
האָט געפלאַקערט אין מיין האַרץ;
ענדליך... דיקע, שווערע וואָלקען,
האָבען אלעם שוואַרץ פאַרצויגען,
און א ווילדער שרעק, און מורא,
האָט געוועלטיגט איבעראַל.

שוואַרצע, בייזע שרעקענס-גייסטער,
האָבען זיך מיט שפּאָט באוויזען,
און א טייפלישער געלעכטער
האָט געקלונגען אין דער לופט;
און מיט שרעק, און ווילדע קולות,
זיינען זיי צו מיר געקומען,
און געבליצט מיט בלאַנקע מעסערס,
און געשפּאָטעט איבער מיר:

„נים דער טרוים פון שטאָלצע טרוימער,
וועט פארניכטען אונזער אַל-מאַכט;
נים די פיילען פון געדאנקען,
וועלען שטירצען אונזער טראָן —
אונזער טראָן איז פעסט געמויערט,
אויף די זיילען פון דער דומהייט,
און די צייט פון אונזער הערשאפט,
איז אויף אייביג אונבאגרענצט."

און אַ שווערער, שווערער טרויער
האָט געדריקט, געפּרעסט מיין זעעלע,
און פיעל טרוי'ריגע געדאַנקען
האָבען דורך מיין קאָפּ געבליצט:

יאָהרען טויזענדע פארשוואונדען
פול מיט שרעק, און פול מיט מורא,
דאָך, די נאַכט מיט איהרע שרעקען
האָט נאָך אַלעם ניט קיין ענד.

ווערה, אַה, וועה! פילע ימים
שטראָמען שוין פון מענשען טרעהרען
און פון בלוט געפארבטע פאַסען
וויקלען זיך אַרום דער ערד!...
דאָך דער גרויסער וועלטען-יאָמער,
שפאַלט נאָך אימער דורך די הימלען,
און פון מערדער-שווערד — אַך! רינט נאָך —
רינט נאָך הייסע מענשען בלוט!

וועט די נאַכט, מיט איהרע גייסטער
שוין אויף אימער, אייביג הערשען?
און דער שווערד, מיט זיינע שרעקען
וועט שוין אייביג בליצען פריי?
און אַלץ שווערער, שווערער, מידער
איז מיין זעעלע דאַן געוואָרען,
און אין דיקען טרוימער-מאַנטעל
האָב איך פעסט זיך איינגעהילט.

הייסע, זודינג־הייסע טרעהרען,
האָבען זיך פון מיר געגאָסען,
און באַנעצט דעם גרויסען עלענד
און דעם אונגליק פון דער וועלט
און באוויינט דעם טיפען טרויער —
פלוצלונג... איינגעהילט אין שטראַהלען
איז א גייסט פאַר מיר ערשינען,
מיט א פאַקעל אין זיין האַנד.

„וואַך שוין אויף פון טיפען טרויער !"
— האָט זיין שטימע הויך געקלונגען —
„וואַך שוין אויף, און דיינע טרעהרען
וויש זיך אָפּ פון דיין געזיכט !
טרעהרען, קינד, זיי קענען אָפטמאָל
נאָר פארלייכטערען אין האַרצען —
אָבער וויים, מיין קינד, אַז טרעהרען
היילען קיין מאָל ניט דעם וועה.

„צוויי אַלמעכטיגע קאָנטראַסטען
פיהרען אָן דעם לעבענס־שיקזאַל ;
ליכט און פינסטערניש — זיי זיינען
אָט־די מעכטיגע קאָנטראַסטען צוויי.

לעבט די ערשטע, מוז די צווייטע
מיט איהר שווארצען שרעק פארשווינדען,
לעבט די צווייטע, קען די ערשטע
מיט איהר צויבער־פראכט ניט זיין.

„שווערע וואָלקען, שוואַרצע נעבלען,
דעקען צו די ערד און הימלען,
און מיט גרויזאמקייט און שטורם
הערשט דער קעניג פון דער נאכט.
ווילסטו, אַז די העכסטע ליבע
זאָל די גאַנצע וועלט באלעבען?
צינד אָן גרויסע, גרויסע ליכטער
און די נאכט — זי וועט פארגעהן

„און דער טאָג פון פרייד, און פרידען
וועט ערשיינען אויף דער ערד און
וועט באלעבען אלע זעעלען,
מיט זיין צויבער, מיט זיין גלאַנץ!"

— — — — — — — — — —

און — געהילט אין העלע פלאַמען,
איז דער גייסט פון מיר פאַרשוואונדען,
און איך האָב מיט פרייד, און שטוינען
פון מיין טיפען שלאָף ערוואכט.

## מיינע האָפענונגען.

זיסע האָפענונגען מיינע,
פאַנטאַזיען רייך,
צו די כוואַליעס פון די ימים,
זייט איהר אַלע גלייך.

אפטמאָל שטייגט איהר צו די וואָלקען
מיט אַ ווילדען שטראָם ;
אָפטמאָל פאַלט איהר, ווי די שטיינער,
טיף אין שווארצען תהום !

הייבט איהר שטורמיש אָן צו שטראָמען,
הייבט איהר שטייגען אָן —
דוכט מיר, אַז איך ווער געטראָגען
הויך, צו פרייהייט'ס טראָן ;
דאָרטען, אין די שעהנע לענדער,
וואו די פרייהייט שטראהלט
און די שטאַרקסטע לעבענס־גלוטען
ווערען קיינמאָל קאַלט...

אך ! ווי גוט איך פיהל מיך דאָרטען,
און מיין גליק ווי קלאָהר !
אלע שיינהייטען פון לעבען
קומען דאָן מיר פאָר !
יענע בילדער, וועלכע יוגענד
מאָהלט אין גאָלד־קאָליר ;
יענע אלע צויבער בילדער
שוועבען דאָן פאַר מיר.

אויף אַ שטוהל פון גאָלד'נע שטראַהלען,
געטליך אויסגעשניצט —
דאָרטען זיצט די געטין פרייהייט,
און זי שטראַהלט און בליצט;
דאָרטען זיצט זי, ווי אַ צויבער,
מיט איהר בלומען־קרוין;
און איהר צאַרטער בליק און שמייכעל
פאַרבט די וועלט מיט חן.

אַך! ווי ליב עס איז איהר מינע,
און איהר בליק — ווי מילד!
אַלע וועלטען וואָלט איך, געבען
פאַר איהר צויבער־בילד.
און מיין זעעלע שטורמט, רייסט זיך,
ציהט זיך נאָר צו איהר...
פלוצלונג קלינגט איהר זיסע שטימע:
„קום, מיין קינד, צו מיר!

„קום, מיין קינד, אין מיינע ארעמס,
קום, מיין אָרים קינד!
אייביג וועל איך דיך באשיצען
פון'ם שטורם ווינד! ...

אייביג — נאָר גענוג דיר וויינען!
ווישׁ זיך אפּ דיין טרעהר!
ווערסט ניט שמאַכטען, ווערסט ניט ליידען,
ווערסט ניט וויינען מעהר!

„זעה נאָר, קינד, מיין וועלט פון ליבע,
גיב נאָר קינד א בליק;
אייביג דאָ מיט מיר צוזאמען,
וואָהנט דאָס מענשען גליק;
אייביג" — און איך זעה עס קומען,
זינגענד הויך און רייך,
פילע טויזענדער געשטאַלטען,
ווי די געטער גלייך.

געטין, צויבער קעניגע,
— רוף איך שטוינענד אויס —
געטין, אייביג ליבע מיינע,
זאָג דעם סוד מיר אויס:
ווער האָט דיזע וועלט באַשאַפען?
זאָג און שטיל מיין וועה!
און די מענשען, וועלכע קומען —
זאָג, ווער זיינען זיי?

„מענשען" — קלינגט איהר זיסע שטימע
הויך אין איהר געצעלט —
„מענשען זיינען די באַשעפער
פון דער צויבער וועלט.
און אַט די וואָס קומען איצטער
לוסטיג, פרעהליך אָן,
דיזע זיינען דאָס די געטער
פון מיין וועלט און טראָן —

„שלעכט איז זיי אַמאָל געוועזען,
און געליטען שווער ;
פלעגען שטענדיג זיך באַגיסען
מיט אַ הייסע טרעהר ;
שלעכטע מענשען פלעגען קומען
מיט אַ ווילד געשריי,
און זיי פלעגען אַלץ אַהן מיטלייד
צונעהמען פון זיי.

„און זיי האָבען לאנג געליטען,
לאַנגע, לאנגע יאָהר —
און זיי פלעגען שטענדיג זיצען
און שטיל וויינען נאָר...

פלוצלונג, ווי א זייל פון ליכטער
אין א שווארצע נאכט,
האט דער הויכער גייסט פון לעבען
טיף אין זיי ערוואכט.

„און מיט שטורם, הויך און מעכטיג,
איבער בערג און טאל,
האט דער הויכער גייסט געדונערט:
„גלייכהייט איבעראל!
גלייכהייט פאר די מענשען קינדער,
אין דעם וועלטען-רייך!
פריידען, פריידען זאלען טרינקען
אלע מענשען גלייך!"

---

„און זיין שטימע האט ערשטורמט
גרויסע געטער-ווענט,
און ווי גלוטען, פלאמען, פייער,
האט זיין ווארט געברענט!
און — זיי וויסען, קינד, דאס הויכע
פון דער מענשען-וועלט:
בערג און פעלזען שפריצען פייער
ווען דער מענש באפעהלט!

* * *

„זעה מיין גלאנץ און מיינע פריידען,
זעה, מיין גרויסקייט בליהט!
זעה, דער פריהלינג מיט זיין צויבער
ליגט פאר מיר געקניט!
דאָך, ניט אייביג בין איך גליקליך,
קינד, געוועזן, אָה, ניין!
ווייט אין וועלדער פלעג איך ליגען,
צווישען פעלז און שטיין.

„ווייט אין ווילדערנים, וואו לעבען
האָט מען ניט געזעהן;
דאָרט, אויף גרעבער פון נאַציאָנען
איז מיין היים געוועזן;
פלעג אפילו שטימען הערען,
ווי מיך רופט די נויט...
פלעגען אָבער באלד פארשטומען,
ווי דער שווארצער טויט...

„און אזוי בין איך געלעגען,
אָך — ווי לאַנג! ווי לאַנג!
קיינער פלעגט צו מיר ניט קומען
מיט א פריידען-קלאַנג.

אָפּטמאָל פלעגט פון טיפען עלענד
ברעכען זיך מיין האַרץ,
דאָך ניט איינער פלעגט דאַן קומען
לייכטערען מיין שמאַרץ.

„פלוצלונג, ליגענד טיף געזונקען
אין דעם תהום פון צייט —
האָבען שטימען הויך ערקלונגען:
„ — פרייהייט, ביזט באַפרייט!
פרייהייט, פרייהייט, שעהנע געטין,
קום — פאַרלאָז דיין צעלט!
קום און וויז זיך מיט דיין גרויסקייט,
פאר דער גאנצער וועלט!"

„אַך! ווער וועקט מיך פון מיין טרויער,
האָב איך דאַן געקלעהרט?
און מיין וויינען און מיין קלאָגען —
ווער האָט דען דערהערט?
דאָך די שטימען פלעגען ווערען
שטאַרקער נאָך פון מאָל,
און איך בין מיט פרייד געפלויגען
נאָך דעם שפור פון קול —

„און איך האָב דערזעהן מיט שטוינען,
מענשען אָהן א שיעור,
קומען יובּ'לענד מיר אַנטקעגען,
און באגריסען מיר —
אלע פרעהליך, אלע ליבליך,
ווי דער בלומען־דופט,
און עס האָבען הויך געקלונגען
שטימען אין דער לופט :

„ — פרייהייט, שטאָלצע קעניגינע,
הערצליך זיי געגריסט ;
קום — די טעמפּלען פון טיראַנען
ליגען שוין פאַרוויסט ;
קום — די שווארצע מענשען־גייסטער
ליגען אלע טוידט,
און די גלייכהייט האָט די פליגלען
איבער אונז צושפּרייט.

„און איך בין צו זיי געקומען.
„אַך, מיין קינד ! מיין קינד !
ס'האָבען פריידען דאָן געשטורמט
ווי דער שטאַרקסטער ווינד !...

אַלע שטורמיש, הויך באַגייסטערט,
פול מיט לעבענס-לוסט;
אַלע האָבען מיך אומאַרמט
און געדריקט צום ברוסט.

און מיט מירטען און מיט בלומען
שעהנע אָנגעטאָן;
און מיט יובעל מיך געטראָגען
צו דעם העכסטען טראָן...
און איך האָב דעם טראָן באַשטיגען,
פול מיט גלאַנץ און פּראכט —
און זיי האָבען מיך אלס „העכסטע"
איבער זיי געמאַכט.

„איצט, מיין קינד, הויב אויף די אויגען,
קוק זיך דאָרטען איין;
זעה, די שטראַהלענדע געזיכטער —
פון די ליבע מיין."
און איך זעה ווי שטראָמען מענשען
קומען פרעהלעך, פריי;
און זיי זיינען פריש און רייצענד,
ווי א בלום אין מאי.

און זיי זינגען אלע לידער
הויך פון פרייד און רוה ;
און די פייגעלאך פון הימעל
העלפען זיי נאָך צו ;
און זיי קומען אלע נעהנטער
צו דער געטין אָן ;
און זיי װאַרפען אלע בלומען
צו איהר געטער-טראָן !

שטיל, אומאַרעמט פון די געטין,
שטעה איך און איך טראַכט,
פון די וועלט, וואָס מענשען-געטער
האָבען זיך געמאַכט !
אַך ! ווי ליב און שעהן, האַרמאָניש,
איז דאָ אַלץ געשטעלט !
און איך בליק מיט שפּאָט אַרונטער,
אויף דער שקלאַפען וועלט !...

*   *   *

זיסע האָפענונגען מיינע,
פאַנטאַזיען רייך ;
צו די כוואַליעס פון די ימים,
זייט איהר אַלע גלייך.

שטייגט איהר — ברענען מיינע פריידען,
ווערט מיין זעעלע היים —
הייבט איהר אָבער אָן צו פאַלען,
אַך, מיין שרעק ווי גרויס!

אַך, ווי גרויס די ווייהען זיינען!
און מיין הארץ — ווי ווילד!
אַלע הימלען, דוכט מיר, ווערען,
ווי אַ שרעקענס בילד;
אַלע ליכטער אויסגעלאָשען,
זעה קיין לעבענס שפּור;
אַלע ווינטען פרייגעלאָזען —
שרעקליך די נאַטור!...

און דער טוידט... מיר דוכט, איך זעה איהם—
ציהט זיין בלאַנקע שווערד...
און איך פאַל פון שרעק אַרונטער,
ווי אַ שטיין צו ד׳ערד!
גרויסע שטראָמען בלוט אָהן אויפהער,
גיסען זיך פון הארץ —
און פון אַלץ, וואָס בלייבט מיר איבער,
איז אַ וועלט מיט — שמאַרץ.

## דער מאָרד אין וואַלד.

דאָס איז אין ווינטער צייט געווען,
אוּן אלעם איז געווען פארשנעט;
אוּן ס'האָט אַ גרויסער פראָסט געברענט,
אוּן ס'האָט אַ בייזער ווינד געווייהט;

אוּן ראָבען שווארצע, ווי די נאַכט —
זיי זיינען אומגעפלויגען פריי,
אוּן האָבען פריהלינגס־טרוים פארשפּאָט,
אוּן אויסגעלאכט דעם שעהנעם מאַי.

* * *

אוּן פּלוצלונג אין דעם קאַלטען וואלד,
וואס איז געווען געהילט אין שנעע,
האָט זיך דערפיהלט א פרילינגס־ווינד,
אוּן ס'האָט געהילכט אַ פרייד־געשריי;

אוּן — באַלד איז דער געשריי פארביי,
אוּן — חוץ א חיה'ס ווילדען ברום,

אין שרעקליך גרויסען „ראָבען קראה",
איז איבעראל געוואָרען שטום...

* * *

אין טיפען, גרויסען, קאַלטען וואלד,
איז איינגעבויגען מיט געפיהל,
אַן אַלטער בוים געשטאַנען, און
ער האָט געמורמעלט אין דער שטיל:

„דאָ איז א פרילינגס-ווינטעלע
געקומען פאַר דער צייט;
געבראַכט מיט זיך פיל האָפענונג
און פריהלינגס פרעהליכקייט.

„ער האָט די יונגע בוימעלאך
דערוואַרעמט און דערפרעהט;
דאָך, אַך! דער בייזער ווינטער האָט
דעם ווינטעלע געטויט.

„און ווידער שמערצליך, אומעטיג
איז דאָ געוואָרען באלד;
און ווידער, ווידער הערשט דער פראסט
אין גרויסען, טיפען וואלד!"...

# אַהין.

אַהין, וואו עס שטראַהלען פון פרייהייט די ליכטער,
וואו לעבען באַלעבט אַלע מענשען-געזיכטער,
און דאָרט, וואו מען פיהלט קיין עלענד און פיין —
אַהין וואָלט איך ציהען, אַט דאָרט וואָלט איך זיין...

אַהין, וואו עס דופטעט, און פריהלינג׳ס פּערפיומען
צוטראָגען זיך רייך פון די פעלדער און בלומען,
און אַלץ איז באַגאָסען מיט הימלישען חן —
אַהין וואָלט איך ציהען, אַהין וואָלט איך געהן.

איך וואָלט דאַן געזונגען נאָר פרעהליכע לידער,
ערמונטערט, באַגייסטערט די שוועסטער און ברידער,
איך וואָלט אין די הערצער געפיהלען געזעעט,
און פייגעלאך וואָלטען מיך הימליש באַגלייט.

איך וואָלט דאַן... דאָך שרעקליך... דער טרוים איז פאַרפלאָסען,
איך זעה נאָך די פרייהייט אין קייטען געשלאָסען!
אָה, הימלען! עס פרעסט אין מיין הארץ א געוויין,
איך מוז דאָ נאָך בלייבען — ניטאָ וואו צו געהן!

# אביסעל געדאנקען.

דאָס הארץ איז אַ הימעל, און האָפנונג — די זון, און
די צארטע געפיהלען — די שטערען דער וועלט;
דער מענש, ער איז גלייך צו דעם אייביגען וועלט־רוים,
וואָס אַלעס אין איהם איז צוזאמען געשטעלט.

און אין די געהירען, הויך, איבער'ן הימעל,
דאָרט וואָהנען די געטער — דער גייסט און פאַרשטאַנד;
זיי פיהרען די זון, און באַציהרען די שטערען,
און וועבען פאַר לעבען פון בלומען אַ באַנד...

נאָר דיק־שווארצע וואָלקען, וואָס שוועבען אין „הימעל",
פאַרשטעלען די „געטער", פאַרלעשען די „זון";
און יענע רויט־גליהענדע הימלישע „שטערען"
אַך, ווערען פאַרדונקעלט, פאַרפראָרען דערפון!

אָה, געטער! איהר שעפּפער פון קונסט און פון שעהנהייט,
וואָס זייט איהר פאַרטרווירט אַזוי און פאַרטראַכט?
פאַרניכטעט די שטאָפען, וואָס בילדען די וואָלקען,
דאַן וועט ווידער לעבען דער הימלישער פראַכט!...

## די גערעכטיגקייט צו רוסלאנד.

אָה, רוסלאַנד בלוטיגע ! דו האָסט מיין קרוין געשענדעט,
דו האָסט מיט אונשולד'ס בלוט, מיין הויכען טראָן באַפלעקט;
מיט שוואַרצע גייסטער האָסטו לאַנג די וועלט געבלענדעט,
און פרעך צו מיר, מיט בליקען פאַלשע זיך געווענדעט,
און דיק, מיט שאַנד און שפּאָט, מיין שטאָלצע קרוין באַדעקט.
אָה, רוסלאַנד בלוטיגע ! דיין זעעל וועט קרעכצען,
קוים וועסטו קומען פאַר מיין ריכטער שטוהל.

עס האָבען פעלקער אויך, ווי דו, מיין קרוין געטרעטען
אין אַש און שטויב פארוואנדעלט האָב איך לאַנג שון זיי !
אין פעך, אין שוועבעל, האָב איך זייער מאַכט געקנעטען,
און וויינענד מיטלייד האָבען זיי ביי מיר געבעטען,
דאָך ניין ! געוועזן אומזיסט איז זייער הילפס-געשריי !
אָה, רוסלאַנד, בלוטיגע ! טיראַנען וויינען,
קוים קומען זיי נאָר פאַר מיין ריכטער-שטוהל

יאָהרהונדערטע, אָך, האָסטו שוין אין זינד געזונקען,
און אימער גרויזאם האַלטסטו נאָך דיין מערדער-רוט ;
די בעסטע קינדער מיינע, און די פרייהייט'ס פונקען —
אין בלוט און טרעהרען האָסטו שטענדיג זיי דערטרונקען,

און אימער, אימער לעכצטו נאָך נאָך מענשען בלוט.
און אימער שטורמט נאָך דיין מאָרד־פאַרלאַנגען
אָה! רוסלאַנד בלוטיגע, דיין ענדע קומט!

שוין טראָגען מעכטיג זיך אַרום טראָמפּייטען־שאַלען
און ווייסטו, רוסלאַנד, וואָס דער שטורם־קלאַנג באַדייט?
דיין גליקעס שטערען איז אויף אייביג שוין געפאַלען,
און אויסגעטריקענט זיינען דיינע לעבענס־קוואַלען,
און איצט — דאָס זאָגט דיין טוידטעס־אורטייל אָן די צייט!
שוין קלינגען שטורמדיג לויה־גלאָקען,
באַלד פיהרט מען שוין דיין שווארצען לייכען צוג.

און פון די פעלקער־קללות, וועל איך דיר תכריכים וועבען,
און אין דעם תהום פון שאַנדע וועט דיין קבר זיין,
און נייע דורות וועלען דאַן דיין ערד באַלעבען,
און מעכטיג שטראָמען וועט אין זיי דער הויכער שטרעבען,
צו פרייהייט'ס פּראַכט, און גלאַנץ, און גליק, און זונענשיין;
און — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — —
רוסלאַנד בלוטיגע — די גלאָקען קלינגען!
באַלד פיהרט מען שוין דיין שווארצען לייכען־צוג

.1905

## קעמף און שטרעב.

אַה פריינד מיין, דו זאָגסט, אז די וועלט איז פארפלאַנצט
מיט שרעקליכע גיפטיגע קערנער;
דו זאָגסט: איבעראל, וואו דו ווארפסט נאָר דיין בליק,
דערזעהסטו רק שטעכיגע דערנער;
דו זאָגסט, אז די וועלט איז פאַרגיפטעט, פאַרזעעט
מיט ווילדע, מיט גיפטיגע שטאָפען!
דו זאָגסט, אז דו האָסט נאָך קיין בלומען באמערקט,
דו האָסט נאָך קיין בלומען געטראָפען? —

דו זאָגסט... נאָר גענוג שוין צו שענדען נאַטור,
גענוג דיר די וועלט צו פארפלוכען!
דו טרעפסט אימער דערנער און דאָס איז דערפאר:
דו ווייסט ניט, וואו בלומען צו זוכען!

דו זוכסט, מיין פריינד, בלומען וואו אַלעס איז ווילד,
וואו אַלץ איז פאַרדאַרבען געוואָרען —
און קוים נאָר פאַרפלאַנצסטו א בלימעלע דאָרט,
דאַן מוז זי אויך ווערען אַ דאָרען. . .

דאָך, קום, מיין פריינד, קום אין די פעלדער פון נויט,
וואו אַלץ איז מיט טרעהרען פאַררונען;
אַט דאָרט, אין די פעלדער פון עלענד און פיין —
דאָרט האָב איך נאָך בלומען געפונען!
און בלומען די שעהנסטע, די בעסטע פון אַלע,
וואָס אונזער נאַטור האָט געבאָרען —
דאָך זעה, מיין פריינד, זעה, ווי זיי ליידען פון „פראָסט" —
אויך זיי, דוכט מיר, געהען פאַרלאָרען...

זיי וועלקען דערפאַר ווייל די בלומען, מיין פריינד,
זיי דאַרף נאָר דער פריהלינג ערציהען —
און דאָ אין דער וועלט איז דער ווינטער אין קראַפט —
דערפאַר איז זיי שווער דאָ צו בליהען.
און ווילסטו די וועלט זעהן אין אייביגען גלאַנץ,
די פעלדער און וועלדער — מיט בלומען;
דאַן קעמף געגען ווילדען און שרעקליכען „פראָסט"
און שטרעב, אז דער „פריהלינג" זאָל קומען.

# איך זעה זי אין חלום.

איך זעה איהר אַמאָל אין אַ חלום
מיט מעכטיגע פליגלען צושפּרייט,
און ווערט פון פיל מחנות מלאכים
און יובעל־געזאנגען, באַגלייט.

איהר מינע איז פרעהליך, און שטראהלענד,
איהר ברוסט איז מיט בלומען באַשעהנט;
און העל קלינגט איהר גאָלדענע שטימע:
„די וועלט האָט מיר ענדליך געקרוינט!"

עס יובלען די פעלקער,
די וועלט איז באַנייט;
די געטין פון פרייהייט
איז ענדליך באפרייט!

איך זעה זי אַמאָל אין אַ חלום,
זי וואַנדערט מיט לאַנגזאַמע טריט;
איהר האַרץ איז צוריסען, צובלוטיגט,
די פליגלען — אין קייטען געשמידט.

איהר בליק איז פאַרטרויערט, איהר פּנים
באַדעקט מיט אַ בלייכען קאָליר,
און בעטענדיג ווארפט זי די בליקען:
„צורייסט מיינע קייטען פון מיר."

עס וואַנדערען פעלקער
מיט לאַנגזאַמע טריט...
זיי זיינען אַליין נאָך
אין קייטען געשמידט!

## שוין לאַנג.

שוין לאַנג פון פרייהייט ניט געזונגען,
שוין לאַנג פון פרייהייט ניט געטראַכט;
עס האָט דער לעבען איהר פאַרלאַכט,
עס האָט זיין שטורם איהר פארקלונגען...

דאָך פלוצלונג האָב איך איהר ערבליקט —
אין טרוים איז זי צו מיר געקומען,
און האָט פיל שעהנע, רייכע בלומען
ביי זיך פון האַרצען אויסגעפליקט.

און העל געקלונגען האָט איהר קול:
„גיב איבער מיינע קינדער בלומען,
איך קען צו זיי נאָך איצט ניט קומען,
דאָך קומען וועל איך נאָך אמאָל..."

## ווען ...

ווען איך וואָלט זיין אַ פייגעלע,
דאַן וואָלט איך אין דער אייל
פארפליהען אין א שטייגעלע,
און זיצען דאָרט אַ ווייל׳;

איך וואָלט זיך שטיל געזעסען דאָרט
אין ענגען שטילען רוים ;
און פול מיט פרייד און האָפענונג,
געטרוימט א פרייהייט׳ס טרוים.

## דאָס פאָלק.

(א בליק אין דער צוקונפט)

עס דונערען קולות פון פרייהייט׳ס טראָמפּייט,
עס הערען זיך פרייהייט׳ס סיגנאַלען;
עס רוישט אין די גאַסען, עס שטורמט, עס קאָכט,
די וואנד פון געדולד איז צופאלען!
די וואַנד, וואָס האָט אייביג דעם רעכט׳ס גייסט פאַרשטעלט
האָט ענדליך געקראכט מיט אַ שרעק פאר דער וועלט.

די צייט איז געקומען, די צייט האָט געבראכט
מאָמענטען פון דיינקען, פון וויסען;

דאָס פאָלק האָט ערשטורמט מיט שרעקענס געוואלט:
„מיר ווילען פון קייטען ניט וויסען;
מיר ווילען ניט זיין מעהר קיין שקלאפען, קיין קנעכט,
מיר ווילען, ווי מענשען, דאָס מענשליכע רעכט.

„גענוג שוין געליטען פון עלענד, און גרויל,
גענוג שוין צו דולדען די נויטען!
דורך פייער, דורך פלאמען, דורך דונער און בליץ —
מיר מוזען צורייסען די קייטען!"
דאָס פאָלק האָט ערשטורמט, און, וועה דעם טיראַן!
עס שפריצט ווי מיט פייער דער פרייהייט'ס וואולקאַן.

איהר הערט אָט־די קולות פון פרייהייט'ס טראָמפּייט?
אין איהם איז פיל שרעקען פאַראַנען;
ווייל יעדער סיגנאַל איז אַ פייער־גראַנאַט,
אין הארצען פון אַלע טיראַנען.
מיט דיזע טראָמפּייטען, דעם זעלבען געפיהל,
האָט מען צובראָכען די וועגד פון באַסטיל.

מיט דיזע טראָמפּייטען, דעם זעלביגען גייסט,
האָט מען שוין הערשער דערשטאָכען;
מיט דיזע טראָמפּייטען, דעם זעלבען געפיהל —
טראָנען און קרוינען צובראָכען.

דאָס פאָלק האָט ערשטורמט, דאָס פאָלק האָט ערוואכט,
דער טאָג איז געקומען — פארשוואונדען די נאכט.

דער טאָג איז געקומען פון ראכע און בלוט —
— עס קעמפען, ווי העלדען, די מאסען!
די ראכע צו די, וועלכע האָבען דאָס פאָלק
געשליידערט, ווי הינד, אין די גאַסען.
עס שטורעמט דאָס פאָלק און עס בלישטשעט דער שווערד,
עס קראַכען קאַנאָנען, עס ציטערט די ערד!!

מיט רויך און מיט שטויב איז דער הימעל באַדעקט,
עס פליהען די קוגלען, די פיילען!
זיי ברעכען פאַלאַסטען, זיי רייסען די ווענד,
עס שטירצען די גאָלדענע זיילען.
עס שטירצען די טראָנען — אויף אַלץ איז אַ צייט.
עס פאַלען די הערשער, עס שטורמט דער שטרייט.

דאָס פאָלק האָט געליטען זיעט טויזענדער יאָהר,
און — ענדליך, עס וויל שוין ניט דולדען!
און וועה אייך, מאַגנאַטען — איהר קענט דאָך דאָס פאָלק —
ער מאָנט מיט'ן שווערד זיינע שולדען.
דאָס פאָלק איז אַ קינד, ווען ער שלאָפט נאָר אין וויג...
דאָס פאָלק איז אַ שרעקליכער קעמפער אין קריג!

## די זון.

שטאָלצע זון, אָה, הער אויף שיינען,
הער אויף געבען אונז דיין ליכט ;
וויקעל איין אין שווארצע שאַלען
הימלישע, דיין שעהן געזיכט !

שיינסט און ווארעמסט אונזער ערד, און
דאָך עס שוידערט אונז פון קעלט ;
פינסטער זיינען מענשען-הערצער,
זאָל אויך פינסטער זיין די וועלט !

זאָל דער ליבער, שעהנער מאָרגען
ניט ערוואכען פונ׳ם שלאָף;
אלעם פינסטער! — זאָל שוין נעהמען
פון דער שלעכטער וועלט א סוף!

* * *

זון דו שעהנע, דיינע בליקען
מאַכען בליהען יעדען בוים;
דיינע שטראַהלען בריינגען לעבען
אין דעם טיפען וועלטען־רוים;

אין די וועלדער גראָזען, בלומען
ווערען פון דיין שיין ערקוויקט;
הויכע בערג און טיפע טאָלען —
אלעם ווערט פון דיר באַגליקט.

זיסע פרוכט, און לעבענס קערנער
ציהסטו פון דער ערד אָהן צאָהל;
און עס זאָגען דיינע בליקען:
„ווער עס וויל געניסען, זאָל!״

דאָך, אָה שעהנע, ביז די וואָלקענס
שניידט א שמערצליכער געשריי

פון געדריקטע, פון געשטיקטע,
וועלכע יאמערען פון וועה.

וואו מען גיט א וואָרף די בליקען —
אך! עס בליצט דער בלאַנקער שווערד;
איינער איז אי שעהן אי מונטער,
און מיליאָנען — שווארץ ווי ערד;

איינער טראָגט א קרוין פון גינגאָלד,
רופט זיך הערשער, מאכט זיך רעכט;
און מיליאָנען געהען נאַקעט,
און זיי זיינען זיינע קנעכט;

איינער זיצט און הערשט אויף פעלקער,
זיצט טיראַניש און באַפעהלט;
וויל מען זיין באפעהל ניט פאָלגען,
הערשען שרעקען אויף דער וועלט.

דאָן, אָה, דונערען קאַנאָנען,
פליהען קוילען, פייער גלוטה;
פינסטער ווערט פון רויך דער הימעל,
און די ערד ווערט רויט פון בלוט;

רויט פון בלוט, און נאַס פון טרעהרען —
מענשען גלידער איבעראַל!

אַך! ווי שרעקליך איז דאָס לעבען
אין דעם בלוט פאַרפלייצטען טאָל!

*   *   *

זיצענד, בליקענדיג צום הימעל,
פלוכענדיג דעם יאָמער־טאָל,
האָבען פלוצלונג זיך באַוויזען
ווערטער אין אַ זונענשטראַהל.

יעדע זילבע האָט געפינקעלט,
ווי מיט גאָלד'נע טינט באַטריפט;
און געלעזען האָב איך שטוינענד
יענע צויבער־שעהנע שריפט:

„ערדען קינד, וואָס העלפט דיין וויינען?
וויש זיך אָפּ דיין הייסע טרעהר!
ערשט אַריין אין לעבענס שטורם,
און דו וויינסט: דער קאַמף איז שווער?!

„שווער דער קאַמף איז ווען פאַרצווייפלונג
דרינגט אַריין אין לעבענס־גלוט —
ביסט אין שיפעל, מוזטו שיפען,
ווי אַ העלד מיט העלדען מוט!

* * *

„ליידענד קינד, גענוג מיט טרערן!
בליק א ווייל׳ צו מיר ארויף,
זעה: מיין פּנים ברענט און פלאַקערט
ווען איך געה אין הימעל אויף.

נעהנטער ווען איך קום צו ד׳ערד, און
הער דעם מענשענ׳ס וועה-געשריי,
ווער איך רויט פון שאַנד און צאָרען,
און איך פלוך די טיראַניי.

„דאָך ערפיל איך אַלע פליכטען,
אלץ צו וואס איך בין געשטעלט;
איך מאַך ליכטיג ערד און הימלען,
און באלעב די גאנצע וועלט.

* * *

„פילעס קען איך דיר דערצעהלען,
וואס ביי מענשען איז געשעהן,
אין די יאָהרען, יאהרען לאנגע
האָב איך פיל שוין צוגעזעהן.

„אייביג האָט מען שלאַנג גערופען,
און געפריידיגט ווילדען האַס

געגען יענע, וועלכע הייסען
עסען פרוכט פון „עץ הדעת";

„אימער האָט דאָס הארץ געבלוטעט,
וואו דער אמת האָט געגליהט ;
אימער האָט מען בראווע מענער
אין דער שווערער קייט געשמידט.

„דאָך די זון פון ריינעם וויסען
האָט די מענשען ניי באזעעלט ;
און מיט איהרע גאָלד'נע שטראַהלען
„שווארצע וועלטען" ניי פארהעלט...

„און ווען מענשען וועלען וויסען
אז צו אל'מען געהערט די ערד,
וועלען שקלאַפען העלדען ווערען,
רעכט פארלאַנגען מיט'ן שווערד.

* * *

„וויין ניט, וויין ניט, זיי ניט מוטלאָז,
ערנסט, קעמפענד איז די צייט ;
פייגלינג רופט מען דעם וואס בייגט זיך,
קעמפער — דעם וואָס געהט אין שטרייט !"

## שלעכטע צייטען.

„מענשען פאלען אין די גאסען",
הערט מען ווי מען שרייט —
„הונגער ליידען איצט די מאסען,
אך, א שלעכטע צייט !

מענשען לויפען צו די הערר׳ן
קלאָגען אויף דער נויט,
און זיי בעטען דאָרט מיט טרעהרען :
ארבייט אדער ברויט !״

קענט איהר, מענשען, זיך באדייטען
וואס איהר וויינט און שרייט :
„שווערע יאהרען, שלעכטע צייטען״ —
טוט אייך וואס די צייט ?
צייטען האָבען אונז געבאָרען,
צוקונפט פארגעברייט ;
צייטען גיבען, נעהמען יאהרען,
אָבער ניט קיין ברויט !

בליקט אריין, מיט טיפען זינען,
אין דעם מענשען־רייך, —
וועט איהר דאָרטען אויסגעפינען
ווער עס רויבט פון אייך.
מענשען זיינען די וואס רויבען
אייער ברויט און רעכט.
זאָגט אָנשטאָט די „שלעכטע צייטען״ :
„מענשען זיינען שלעכט״

## דער שטורם.

דער שטורם ליגט שטיל, זיינע פליגלען פארלייגט,
מיט מידע, געשלאָסענע אויגען ;
עס ריידען די בוימער מיט שטאָלץ צווישען זיך :
„ווער קען אונז, ווער קען אונז איצט בויגען ! ?"

דער שטורם האָט פלוצלונג פון שטילקייט ערוואכט...
גענומען די אויגען זיך ווישען,
און — ווערה... אלע בוימער, זיי ליגען צו דר'ערד
אין טויזענדער שטיקער צוריסען !...

# מיין חלום.

דער הימעל אין גאַנצען מיט וואָלקען פאַרצויגען,
 אַ ווינד האָט געשטורמט, די מענשען — ווי טוידט;
די בוימער, זיי האָבען צו ד'רערד זיך געבויגען,
 און בליצען — פון שרעק און פון דונער באַגלייט.

און — הימלען... וואָס הער איך... געוואַלדען... געשרייען!
 געהט אונטער די וועלט דען?... דער לעצטער מאָמענט?...
עס קראַכען די הייזער, די ווינטען זיי וויהען,
 צורייסען די שטיינער, צוברעכען די ווענט.

עס רייסט מיך, עס שלעפט מיך, עס ציטער'ן די גלידער,
 אָה, הימלען, עס טראָגען מיך ווינטען גאָר אום!...
וואס זעה איך... וואו בין איך... איך בליק אין דער נידער,
 און זעה נאָר מצבות און בערגלאך אָרום

מיט גרענצלאָזע שרעקען געלאָפען געפינען
 אַן אָרט, זיך צו שיצען פון שטורם, געוואַלד;

און ענדליך... איך ציטער... פאר מיר איז ערשינען
אין בלוטיגע קליידער, א מענשען-געשטאַלט.

זיין מינע פארטרויערט, די קליידער צוריסען,
געברומט און געשריען געשרייען פון גרויל;
זיין קערפער צובלוטיגט, די ליפען פאַרביסען,
און טיף אין זיין ברוסט האָט געברענט איהם אַ קויל.

און איז מיט א פלוך באלד צו מיר צוגעקומען,
מיך שטעכענדיג טיף מיט די פיילען פון האַס,
און האָט ווי מיט צוואַנגען מיין האַנד אָנגענומען,
און שלוכצענד געזאָגט מיט אַ ברענענדען כעס:

„רויבער! ווער האָט דיך געבראכט
ביי מיין קבר דאָ, ביי נאַכט?...
זאָג: דו זוכסט, וואס ווילסטו מעהר?
קומסטו זוכען גאָלד אהער?

„מערדער! שנעל אַוועק פון מיר!
דיזער אָרט איז ניט פאַר דיר,
געה! דאָ ליגען בראווע לייט,
דורך אייך געשטאָרבען פאר דער צייט.”
— — — — — — — — — — —

„אויך דו פאַרפּאַלגט ? ... אַה ! קוק זיך אום :
אַ קברים-וועלט — און אלץ איז שטום —
און זעה : פאַראייביגט איז די שאנד,
פון איהר די „צארטע” מענשען האנד.
אַה, זעה ! דאַ ליגען אַלע טוידט,
פאר פארלאנגען מעהרער ברויט ;
אָהן רחמנות, שנעל, געשווינד,
אונז געשאָסען ווי די הינד !

זעה, מיין בלוט, פאַרגליווערט, שווארץ ;
מיך ברענט א קויל, אַ לאָך אין הארץ,
און וואס עס איז געווען מיין זינד ?
ברויט געבעטען פאר מיין קינד !
איך האָב קיין רוה אין קבר, כ'וויין —
מיין קינד — פאר'יתום'ט, ווי אַ שטיין.
מיר דוכט, איך הער זיין וועה-געשריי —
אַה ראַכע, ראכע, נעהם פון זיי !”...



און געה איך אין גאַסען פון עלענד, און זעה דאָרט
אַ איינגעלע וואַנדלענד דורך שטורם און ווינד —
איך דריק איהם צום ברוסט און באַנעץ איהם מיט טרעהרען ;
איך מיין אַלץ אַז דאָס איז זיין עלענדעס קינד.

# אינהאַלט:

זייט
צו זיין ליבען נאָמען — — — — — — — 235
די הייליגע — — — — — — — — — — — 238
מיין צוואה — — — — — — — — — — 242
זי — — — — — — — — — — — — — — 247

## צו זיין ליבען נאָמען

רבנו של עולם, איך ווייס, איך בין זינדיג,
דאָך קום איך דיר בעטען געגנאָד.
דו זאָלסט מיר ערקלעהרען דעם אייביגען וואונדער,
ענטדעקען דעם אייביגען סוד.

דו זאָגסט, אַז דו ביזט דאָך אַ פאָטער צו יעדען,
און יעדערען ליבסטו דאָך גלייך.
טאָ זאָג מיר, ווי קומט עס, וואָס איינער איז אָרים,
און איינער איז גליקליך און רייך ?!

טאָ, זאָג מיר, ווי קומט עס, אָה גאָט פון רחמנות!
ערקלעהר מיר דיין יושר, דיין רעכט;
וואָרום איז דאָ איינעם נאָר ליכטיג און פרעהליך,
דעם צווייטען — נאָר פינסטער און שלעכט ?

וואָרום ?... נאָר איך מערק, אז אויף מיר ביסטו בייזלאָך
דערפאַר, וואָס איך מאַך דיר קיין פלאַץ...
און די, וועלכע טראָגען דיך שטענדיג אין הארצען ?
זיי הערסטו דאָך אויך ווי די קאַץ ! ...

דו העלפסט זיי מיט עפּעס ? דו גיסט זיי חיונה ?
דו מאַכסט זיי דען לייכטער א טריט ?
מען הערט דיך נאָר שרייען : „לא תרצח", „לא תנאף",
נו, קען מען דען זאַט זיין דערמיט ?...

נו, קען מען דען לעבען מיט דיינע הבטחות,
צו קריגען גן עדן אַלס לוין ?
איך זאָג דיר דעם אמת, רבונו של עולם,
דיין יושר איז שווער צו פאַרשטעהן !

א מענש, וועלכער קען, און ער העלפט ניט דעם צווייטען,
דער הייסט דאָך א רשע ביי דיר,
און דו, גרויסער גאָט, נו, וואָס העלפסטו ניט טאַקע ?
דו האָסט דאָך פון אַלץ אָהן א שיעור !

דאָך קען מען א מענשען נאָך אָפּטמאָל פאַרצייהען,
קוים גיט מען נאָר טיפער א בליק —
ווייל יעדערער שרעקט זיך גאַנץ שטאַרק פאַר'ן „מאָרגען"
און דאָס פּילייכט האַלט איהם צוריק !

דאָך דו, גרויסער בורא, דו שאַפער פון וועלטען,
דו פאָטער פון גליק און פון וועה;
דו זאָגסט דאָך אַז דו ביסט דער גרעסטער, דער שטאַרקסטער,
פאַר וועמען שרעקסטו זיך אַזוי?!

און זאָל איך דען גלויבען: מיר זיינען צו זינדיג
צו געבען אונז פרידען און רוה;
און אויב דאָס איז אמת, דאַן זאָג מיר, איך בעט דיך,
זאָג, ווער האָט דען שולד, ווען ניט דו?

דו ביסט דאָך אַ גאָט, א „יודע מחשבות"
וואָס האָט אַלם בעל רחמים אַ שם —
און ווייסטו, אַז איינער וויל טאָן עפּעס אונרעכט,
טאָ וואָס זשע דערלאָזטו צו דעם?

כחומר, ווי ליים, אין די הענד פון אַ טעפּער,
זיינען אויך מיר דאָ ביי דיר!...
און זיינען מיר זינדיג, און שלעכט, און פאַרדאַרבען,
טאָ וועמען קומט שטראָפען דאַפיר? —

אָה, גאָטעניו ליבער, אָה גאָטעניו שטאַרקער,
דיין נאָמען איז הייליג, און שעהן;
דאָך מוז איך דיר זאָגען, אַז דיך און דיין יושר —
איז אייביג מיר שווער צו פאַרשטעהן!

## די הייליגע.

איך קען אַ סך רבנים'לאַך,
אין יענקי דיוד'ס מדינה;
סאַי געהענדיג, סאַי שטעהענדיג,
עס רוהט אויף זיי די שכינה.

און יעדער צייט צו פרומיגקייט,
אין גאַנצען איבערגעבען;
און דאַנקען גאָט: מיט זיין געבאָט,
זיי מאַכען זיך אַ לעבען.

זיי שאַפען ניט, זיי שקלאַפען ניט,
זיי האַנדלען ניט מיט סחורה;
זיי דיינקען ניט, זיי שיינקען ניט,
זיי האַנדלען נאָר מיט תורה.

און תורה הייסט, אָט ווי איהר ווייסט,
אַ ביזנעס פאר רבנים,
וואו זיי מיט גאָט, צום גרויסען שפּאָט,
פאַרשלעפען דאָרט נאַראָנים!...

און בינדען זיי, און שינדען זיי,
און רויבען זיי די קרעפטען;

און פרומערהייט, און „שטומערהייט" —
דאַן מאַכען זיי געשעפטען —

זיי האַנדלען זיך, און וואַנדלען זיך,
פאַרקויפענדיג הכשרים,
אויף פלייש, אויף זאַלץ, אויף מילך, און שמאַלץ,
און — אָפטמאָל אויף חזרים...

התרים'לאך, הכשרים'לאך,
דאָס מעג מען טאקע געבען,
ווייל אין פארקויף, איז קיין זאך טריף
פון וואס מען מאכט א לעבען —

און איז פאראן, א יונגער מאַן,
וואָס וויל זיין ווייבעל גט'ן;
דאַן געהט ער זיך, צום רב אויף גיך,
און פרעגט וואס ער וועט בעטען —

און זאָגט איהם גלייך: ער איז ניט רייך,
איהם פעהלען די פאָר גראָשען...
דאן גיט ער זיך (דער רב), אויף גיך,
אַ הויב בזה הלשון:

„פאַרשטעהט איהר מיר... דאָס קאָסט אייך פיער...
פיער דאָלער איז ניט טייער;

און איהר זייט פריי, שוין פון דאָס ניי —
זי וועט שוין געהן מיט פייער!

„און וואַרט איהר נאָך, דאַן זייט איהר דאָך,
נאָך ערגער ווי באַגראָבען...
ווייל ווי איך דיינק, קען אייער קריינק,
נאָך באלד חרטה האָבען...

„טאָ מאַכט ניט מעהר, דאָס הארץ זיך שווער,
און גט איהר אָפּ די יענטע;
און איהר וועט שוין, ניט זיין אליין —
מען קריגט נאָך מיידלאך „פלענטי"...

„נו, וואָלט איך אייך, געהייסען גלייך
באַצאָהלען — ס'איז ניט טייער...
— — — — — — — — — — — — — —
נאָר, זאָגט זשע מיר, איז טייער פיער?
טאָ זאָל שוין זיין אַ דרייער! ..."

און אַלעס ווערט, גאָר אונגעשטערט,
גאָר אונבאַוואוסט באַשלאָסען...
— — — — — — — — — — — — — —
און רבי זיצט, און רבי שוויצט,
און — צעהלט זיך שוין דעם גראָשען...

*  *  *

רבנים׳לאַך, דיינים׳לאַך,
זיי האַנדלען ניט מיט סחורה ;
זיי דיינקען ניט, זיי שיינקען ניט,
זיי האַנדלען נאָר מיט תורה.

נאָר טרעפט זיך ווען, אז איינער קען,
צו „ביזנעס" בעסער טויגען —
דאַן הייבט זיך אָן דער אַלטער קאַן —
זיי רייסען זיך די אויגען !...

זיי יאָגען זיך, זיי שלאָגען זיך,
זיי רייסען זיך דעם פּנים...
זיי רייסען זיך, זיי בייסען זיך,
געוועהנליך, ווי... רבנים —

דאָך לעבען זיי, דאָך שטרעבען זיי,
גערעכטיגקייט צו שוינען —

— — — — — — — — — — — — — —

אָה, גרויסער שמאַרץ ! מיר דריקט אין הארץ,
צום לאַכען און, צום וויינען !

# מיין צוואה.

(סאַטירע)

— און וואָס איז צו רעדען, געלויבט איז דער בורא,
איצט האָב איך אַ ביזנעס פאַרוואָרפען מיט סחורה —
אַ ביזנעס א גרויסע, אַ ביזנעס פון אַלעס,
פון „אַך" און פון „וועה" און פון „צער" און פון „דלות" ;
פון אַלע אַנטיקען — פון „טרעהרען", פון „אומות",
פון „דאגות חיונה", און „וויסטע חלומות",
וואָס דאָס איז אַפילו ביי רייכע א זעלטען —
איך זאָג אייך, אַ ביזנעס גאָר איינע אין וועלטען!

נאָר — איידער איך האָב דאָס דערלעבט מיינע פריידען —
אָה, טאַטע אין הימעל! — נאָר וואס איז צו רעדען,
איך בין ניט געוועז אָט ווי מאַנכער „פארשפיצטער" —
כ'האָב פשוט געאַרבייט, דערפאר האָב איך איצטער...
איצט בין איך אַ נגיד, איצט האָב איך פארעהרער,
איצט רופט מען מיך „גדול", נו, דאַרף מען נאָך מעהרער?
דאָך, הערט: ווי מיר שיינט איז אַ כלל דאָ אין לעבען
אז גליקליך אין אלעם קען קיינמאָל ניט געבען.

קוים קומט איהר אריין צו אַ גביר, צו אַן עושר,
וואָס לעבט ווי אַ פירסט, און איז שטאָלץ ווי א קיסר,
און זעהט דאָרטען פעקלאך מיט גאָלד און דיאַמאַנטען
און אַלץ איז באַפּוצט און באַצירט מיט בריליאַנטען —
דאָך הויך, איבער איהם, אויף די פעקעלאך פולע,
דאָרט זיצט זיך דער אונגליק, און לאַכט פון זיין גדולה...
מיט מיר, ווי געוועהנליך... כ'וועל פיל ניט פאַרלירען,
נאָר הערט, וואס עס קען זיך דאָ אָפטמאָל פּאַסירען:

עס גיבען פיל מענשען — מען רופט זיי קבצנים,
ביי יעדען פון זיי איז פאַרפינסטערט דער פּנים,
ביי יעדען פון זיי האָט קיין ווערט ניט דאָס לעבען,
זיי האָבען קיין מוט און קיין חשק צו שטרעבען;
זיי געהען אָהן שיך און זיי האָבען קיין קליידער,
און גלייך ווי זיי וואָלטען געטאָן זיך אַ נדר
צו געהן רק צוקלעמט און געבויגען דעם רוקען —
איך זאָג אייך דעם אמת, אַ שאַנדע צו קוקען.

און קומט מען אריין נאָר צו זיי, וואו זיי וואָהנען —
אָה, פאָטער אין הימעל! מען מוז איינפאַך שטוינען!
איך וויים ניט ווי דאָרט איז צו וואָהנען גאָר מעגליך,
אז אַלץ איז דאָרט טרוי'ריג, און אַלץ אונערטרעגליך;

די צימערען — קליין, זיך ניטאָ וואו צו ריהרען,
די פענסטער צעבראכען, צולעכערט די טירען;
קיין שטוהלען, קיין טישען, קיין בעט זיך צו לעגען,
און עסען — דאָס זעהען זיי אָפט צו „פארבויגען..."

און קומט אָן דער ווינטער — דאָן פינסטערע יאָהרען!
די ווילדע קבצנים, זיי ליגען צופרוירען;
זיי האָבען קיין האָלץ און זיי האָבען קיין קויהלען,
און ווערט איינער קראנק, איז ניטאָ ווער ס'זאָל היילען,
און שטאַרבט ווער — דאָן ציטערט אין זיי יעדער אבר,
דאָן הויבט מען אָן טראַכטען: וואו נעהמט מען אַ קבר?
ווייל, ווער האָט דען לוסט זיי אומזיסט צו באגראבען?
דאָך, טאָר מען אויף זיי גאָר קיין מיטלייד ניט האָבען!

ווייל, וואָלטען זיי בלויז זיך נאָר אנשטענדיג פיהרען
און וואָלטען אונז, רייכע, נאָר מעהר רעספעקטירען,
נו, מיינט איהר, מיר וואָלטען געלאָזען זיי ליידען?
געוועהנליך, מיר וואָלטען דאָך אָלעס פארמיידען!
דאָך, ניין, אנשטאַט דעם וואס זיי זאָלען אונז געבען
אַ דאַנק וואס מיר האָלטען זיי אויף ביי דעם לעבען,
באַטיטלען זיי אונז נאָך אָלס וועלט-פּאַראַזיטען,
וואָס זויגען זיי אויס זייער מאַרך און געבליטען!

„די מארך און געבליטען!" איך זאָג אייך, צום לאַכען!
ווי קומען קבצנים צו דיזע צוויי זאַכען!
זיי האָבען דען מארך, אָדער בלוט, די בהמות?
זיי זיינען דאָך אַלע צודארטע ווי שמות...
זיי זיינען דאָך אַלע ניט מעהר ווי א באנדע,
וואָס, ווירקליך, צו רעדען מיט זיי איז אַ שאַנדע...
אָט הערט נאָר פון זיי דאַ אַ יושר, א פיהרען,
זיי ווילען מיך אַלע דאַ גאָר באַיקאַטירען!

קוים געה איך אין גאַס וועגען ביזנעס באַזארגען
און טרעף אָן אַ קבצן — איך זאָג איהם „גוט מאָרגען",
איך גרים איהם אַלם מאַן אויף אַ העפליכען אופן,
און פרעג איהם גאַנץ פריינדליך: „פילייכט וויל ער קויפען
א ביסעלע „צער" און א ביסעלע „דלות",
דאַן גיט ער אַן ענטפער: „אָה, מיסטער, כ'האָב אַלעס!"
עס העלפט ניט דער רעדען, עס העלפט ניט דער בעטען,
זיי ווילען גאָר פשוט, מיין שוועל ניט באַטרעטען!

נו, זאָגט מיר, איך בעט אייך, זאגט, זיינען דאָס מענשען?
זיי דארפען אונז, גבירים, דאָך לויבען און בענשען
דערפאר, וואס מיר האָבען באַשטענדיג אין זינען
אָט זיי, די קבצנים, צו געבען פארדינען...

מיר בויען פּאַלאַסטען, מיר לויפען, מיר שטורעבען
אום זיי נאָר צו מאַכען דאָ לייכטער דאָס לעבען,
דאָך, זיי, די קבצנים — זיי שילטען עשירים —
נאָר, כאַפּט זיי דער טייפעל, איך געה צו די גבירים!

אַהין, צו די גבירים — דאָרט וועל איך ענטוויקלען
אַ גלענצענדען האנדעל פאר מיינע אַרטיקלען,
ווייל, רייכע, זיי האָבען אַפילו פון אלעס,
נאָר איין זאַך איז זיכער, עס פעהלט זיי דער דלות...
זיי האָבען קיין „אַך'ן", זיי האָבען קיין „וועהען"
מיט וואס אין די לעדיגע צייט זיך צו פרעהען,
און, צווייטענס, פאַרשטעהט איהר, מען מעג זיי געטרויען...
זיי זיינען דאָך רייך און מען קען אויף זיי „בויען"...

און קוים וועט נאָר קומען די צייט פון מיין שטאַרבען,
דאַן וועל איך ניט לאָזען „די ווילדע" מיך ארבען;
איך וועל דאַן ניט זיין אָט ווי מאַנכע נאַראָנים
און לאָזען מיין רייכטום פאַר דיזע קבצנים...
איך וועל דאַן פארשרייבען: מיין ביזנעס פון אַלעס,
פון „אַך" און פון „וועה", און פון „צער" און פון „דלות",
פון „וועהטאָג", פון „עלענד", פון „זיפצען" און „טרעהרען" —
דאָס גיב איך אויף אייביג צו די מיליאָנערען...

# זי.

(אין פּאָעזי און אין פּראָזא)

### פּאָעזי:

איהר פּנים פול רייץ און פול צויבער,
די לאָקען פון גאָלד'נעם קאָליר;
און קוים נאָר באוועגט זי די ליפּען,
דאַן שיטען זיך פּערלען אָהן שיעור.

### פּראָזאַ:

איהר פּנים צופּאָקט און צומאָזעלט,
די האָר פון אַ געלען קאָליר;
און עפענט זי אויף נאָר איהר פּיסקעל,
דאַן שיטען זיך קללות אָהן שיעור.

# אינהאַלט :


| | זייט |
|---|---|
| צו א פעסימיסט | 251 |
| גלויב נים | 252 |
| צו קליין | 253 |
| * * * | 254 |
| * * * | 255 |
| * * * | 256 |

## צו אַ פּעסימיסט.

דו ביסט פּעסימיסטיש? די וועלט איז דיר פינסטער?
דו האָסט גאָר צו ליבע, צו לעבען קיין לוסט?
אָך! עלענדער פריינד מיין, דיך האָט נאָך אַ מוטער
געוויס ניט געדריקט צו איהר צערטליכע ברוסט.

ווייל יעדוועדער צערטליכער דריק פון אַ מוטער,
איז גלייך צו אַן אייביג־אונשטערבליכע בלום,
וואָס דופטעט מיט האָפען, און אָטעמט מיט ליבע,
און גיסט אַן דאָס לעבען, מיט לעבענס־פּערפיום.

## גלויב ניט.

מעגסט די זון, מיין פריינדין, גלויבען
ווייל קיין פאַלשקייט ווייסט זי ניט ;
אויך די מענשען זאָלסטו שעצען,
אבער גלויבען — אייל זיך ניט !

ווייל די מענשען זיינען קינסטלער
אַלץ צו מאַכען גלאַט און פיין ;
ווילסטו, פריינדין, מענשען קענען ?
בליק זיי דאַן אין האַרץ אריין !

## צו קליין.

אָה, פאלשקייט! ווי גרוים ביסטו? זאָג מיר:
ווי הויך און ווי דיק און ווי ברייט?
איך וויל פאַר דיר גראָבען א קבר,
קוים וועט דיך באַזיגען דער טוידט.

און שפּאָטיש ערקלינגט באַלד אַ שטימע:
„אומזיסט איז דיין טראַכטען, דיין מיין!
דו ווילסט פאר מיר גראָבען א קבר?
די וועלט אָה, די וועלט איז צו קליין!"

* * *

איך פרעג ניט צו וועמען די טרעהרען באלאנגען,
צום הייד, אָדער קריסט, אָדער איד,
נאָר, זאָגט מיר, אויב זיי האָט דער וועהטאָג געבאָרען,
און זיי וועט באקלאָגען מיין ליד.

* * *

דיין שטאָלץ איז פאַרוואונדעט ? אָה, וויין ניט מיין פריינד.
דארפסט טרעהרען אום דעם ניט פארגיסען —
די וואונד וועט פאַרהיילען, דיין שטאָלץ וועט זיין גאַנץ,
קוים איז נאָר געזונט דיין געוויסען !

* * *

דו פרעגסט וואָס איך פיהל, וואָס איך דיינק, וואָס איך בין?
אָט אַלץ וואס מיין מוטער — אין האַרץ און אין זין,
ווייל אַלץ וואס אַ מוטער קושט איין אין איהר קינד,
דאָס קען ניט פאַרניכטען דער שרעקליכסטער ווינד...

* * *

ביי דעם בעסטען הערשער, פיהרער,
קען מען רעכטע ניט געניסען,
ווייל דער סצעפטער פון רעגירער,
איז דער חלף פון געוויסען.